דער

# נערוינטער ענר

אדער

## „איך ווייס ניט
## אויב איך בין איך"

א וואהרע ערצעהלונג פון אידישען לעבען
אין ניו יארק

פון

## ליטווישען פילאָזאָף

מיט א ביילאגע פון געקליבענע ליטעראַרישע בריעפע פון

פראָפ. ג. זעליקאָוויץ.

**פרייז 10 סענט.**

THE HEBREW PUBLISHING CO.,
83-85-87 Canal Street, New York.

141

# אלט-ניילאנד

די לעצטע בעריהמטע ווערק פון דעם אונגעקרוינטען אידישען קעניג אונד פאטער פון פאליטישען ציוניזמוס

# דר. הערצל, ע"ה.

וואס איז פאליטישער ציוניזמוס?

וויא אזוי איז דיא אידעע פון פאליטישען ציוניזמוס געקומען צו דר. הערצל ע"ה?

וואס האט דער פאליטישער ציוניזמוס אויפגעטהאן ביז היינט?

וויא אזוי קען דיא אידעע פון פאליטישען ציוניזמוס פערווירקליכט ווערען?

וויא אזוי קען דער ציוניזמוס ווען ער זאל שוין פערווירקליכט ווערען, פערבעסערן דיא פינסטערע אונד ביטערע אידישע לאגע פון אלע גלות לענדער?

אט דיזע אלע פראגען ווערען ערקלעהרט אין דער בערימטע ווערק „אלט־ניילאנד". וועלכע איז יעצט ערשיענען, אונד יעדער איד בייא וועמען דאס ווארט „ציון" איז נאך טהייער, דארף דאס בוך לעזען, אום צו פערשטעהען דיא ערהאבענע אידעע פון דעם פאליטישען ציוניזמוס, וואס עס איז בעשאפען געווארען פון דר. הערצל ע"ה.

דאס בוך „אלט־ניילאנד" פאנגט זיך אן מיט א ראמאנטישע ערצעהלונג וועלכע איז זעהר שפאנענד און אינטערעסאנט אונד אין דער זעלבער צייט ווערט פארגעשטעלט דיא אויספיהרונג פון ציוניסטישען געדאנק, וויא אזוי פאלעסטינא איז שוין געווארען איין אידישער שטאאט אונד ווערט פערוואלטעט פון איין אידישע רעגירונג, וויא אזוי זיא האט זיך אין א קורצע צייט ענטוויקעלט און איז געווארען דער סענטער פון קאמערץ אונד אינדוסטריע אין גאנץ אזיען.

דאס בוך „אלט־ניילאנד" איז ספעציעל געווידמעט צו אלע ציוניסטישע־יודישע פראגען וועלכע פערלאנגען קלארע אונד דייטליכע תשובות, אלעס ווערט רוהיג נעלאסען און וויסענשאפטליך ארומגערעדט און ערקלערט.

מאהט נארדוי האט געזאגט, אז דאס בוך „אלט־ניילאנד" איז נים נאר וויכטיג פיר אידען אונד ציוניסטען, זאנדערן עס איז א קלאססישע ווערק אין דער איראפעאישער ליטעראטור, דיא רייכע פאנטאזיע וועלכע דער פערפאסער ווייזט ארויס ביים שילדערען דיא לאגע פון דער אידישער מדינה איז אזויא קונסטפאל אונד מייסטערהאפט בעשריבען, דאס מען פיהלט א גייסטיגען פערגעניגען דאס צו לעזען.

דאס בוך איז איינגעטהיילט אין פינף טהייל אונד איז פיין געבונדען אין א קלאטה־באנד.

פרייז 50 סענט. פרייא פארטא 60 סענט.

צו בעקומען בייא אללע בוכהענדלער וויא אויך בייא דיא הערויסגעבער

THE HEBREW PUBLISHING CO.,

דער

# בערויבטער קבר

— אדער —

„איך ווייס ניט אויב איך בין איך."

אַ וואַהרע ערצעהלונג פון אידישען לעבען אין נויאָרק

— פון —

## ליטווישען פילאזאף.

מיט אַ ביילאַגע פון געקליבענע ליטעראַרישע בריעפע

— פון פראָפ. —

## ג. זעליקאָוויץ.


פערלאַג פון

דיא היברו פאָבלישינג קאָמפאַני,

83-85-87 קאנאל סטריט, ניו יארק.

Published by

THE HEBREW PUBLISHING COMPANY,

83-85-87 Canal Street, New York.

HARVARD COLLEGE LIBRARY
DEXTER FUND

SEP 14 1943

# אַ קורצע הקדמה.

,,דער בערויבטער קבר" איז קיין רעאַליסטישע מייסטער-שטיק איך צו מאַכען גענעצען, ראָמאַנטישער חלום פון נביל-פּה און שונד, און אויך קיין פּסיכאָלאָגישער ראָמאַן געשילדערט אין טאָטערשע אידעש.

דאס וואס איהר געהט לעזען איז אַ שעהנע ערצעהלונג, ניט מעהר.

אויב פעראינטערעסירען אַ לעזער הייסט איהם געפעללען, דאַן בין איך זיכער אַז דאס בוך וואס איהר האַלט יעטצט אין האנד וועט אייך געווים פערשאַפען פערגניגען.

באַלד נאך דיזע ערצעהלונג, אויף זייטע 45, האט דער פאבלישער, הערר יהודא קאצענעלענבאָגען, צו געדרוקט איניגע פון מיינע ליטעראַרישע בריעפע צו פריינדע, וועלכע ער האט אלליין אויס געקליבען און צוזאמענגעשטעלט.

איך גיב איבער דיזע בריעפע צום אורטהייל פון אַללע קריטיקער.

גז-עליקאוויץ.

נויארק, ערב סכות, תרס"א.

# פאררעדע.

עס איז געוועזן דרייא טעג נאָך דעם וויא דיא פעראייניגטע שטאאטען האט ערקלערט קריעג שפאניען, ווען א יונגער מאנן איז אריין צו מיר און האט געפרעגט מיט א פערצווייפעלטען טאָן אויב ער קען ניט זעהן דעם „ליטוועשען פילאָזאָף.“

וואס קען איך טאָן פאר אייך מיסטער? האב איך געפרעגט.

— איך וויים הערר זעליקאָוויץ, אז איהר האט קיין צייט אויסצוהערן באָבע מעשות. דאָך, טהוט מיר דיא געפעלינקייט, הערר רעדאקטאָר, און שענקט מיר א 30 אדער 40 מינוטען צייט; איך וועל אייך דערצעהלען. נאָר וואס זאָג איך דערצעהלען? דאס איז קיין ראָמאן, קיין סקיצע, קיין פאנטאזיע, בלויז דיא ריינע ואהרהייט, האטש דאס שיינט צו זיין אזוי ווילד, אונגלויבליך און שרעקליך.

— אבער, קענט איהר מיר בעווייזען, מיסטער, אז דאס וואס איהר געהט מיר זאָגען איז אמת? אויב יא, וועל איך עס אריינשטעלען אין ערשטען נומער צווישען דיא נייעס.

— דאָ האב איך מיטגעבראכט פערשיעדענע שטיקער ענגלישע צייטונגען וואָס בעשטעטיגען אלעס, און דאָך בין איך נור היינט א קרבן פון א...... נאָר, שא! — איך האב קיין צייט. איך האב זיך איבער געגעבען אלס פרייווילינער סאָלדאט, אונד איך רייז נאָך הייטע אבענד אב מיט מיין רעגימענט צו בעפרייען קובא. ווילט איהר מיך אויסהערען? טאָ נעהמט דיא פעדער אונד שרייבט.

### 1טעס קאפיטעל.

## שלום עליכם פון אַ טויטען.

„מיין נאמען איז פיליפּ קרויזקאָפּף,—האט ער אנגעפאנגען—איך בין אונגע־פעהר 28 יאהר אלט. איך האב שטודירט אין קאָלומביא קאלעדש אונד איך האב זיך געווידמעט צו פּאליטיק. מיט צווייא יאהר צוריק האב איך געהייראטעט מיט פרייליין עמאַ סמיטסאָן, אונד איך האב מיט איהר געלעבט א 23 מאָנאט אין לויטער פרייד. דאס איז אפילו געווען א וואונדער ביי מיינע בעקאנטע ווייל מיין פרוי איז געווען א קריסטין, ווערענד איך בין א בן יהודים. מיינע פריינדע האבען מיר באלד געזאָגט אז איך האב געטאָהן א משונעת שידוך. איך האב אבער קיין ברירה געהאט. דיא ליעבע! מיין וואהנונג איז געווען א וואהרער גן־עדן, אונד דיא שטראהלען פון גליק האבען געשיינט אויף מיין געצעלט. איך האב געהאט אללעס וואס מען דארף,· צו קריעגען אומזיסטע שונאים: א שעהנע וויב, א שעהנעם נאמען, א שעהנעם פערמעגען, אונד מיינע פּאליטישע פריינדע האבען מיר ארויס געשטעלט אלס קאנדידאט פאר א שעהנע פּאָליטישע שטעלע.

אָבער, מיין רענען־בויגען פון גליק און פרייד האט ניט לאנג געדויערט. א וואָכען האט זיך בעוויעזען אויף מיין היים אונד אין מיין בעכער האָניג איז אריינגעפאלען א טראָפּען גיפט: מיין שווער הענרי סמיטסאָן איז געשטאָרבען, אונד א קורצע צייט נאכדעם האבען מיר בעגראָבען אונזער בייבי, וואס איז שוין אלט געווען 10 מאָנאט.

„דאס אלעס—הערר רעדאקטאָר איז אפשר ניט אזוי וויכטיג. איך קום יעצט צו דיא פאקטען וואָס איהר ווילט וויסען. דעם 25טען מאי 1896 בין איך ארויסגעגאנגען פון מיינע שעהנע וואָהנונג 2טע עווענוי, און איך האָב זיך געווענ־דעט צו דעבראָס סטריט מיט דער אבזיכט צו נעמען דעם טריין נאָך פילאַדעלפיא. איך געדענק גאנץ גוט וויא איך בין אריבער דעם טייך אין פעררי, וויא איך האב זיך דערנאָך אריינגעזעטצט אין וואגאָן, אונד איך געדענק גאנץ גוט וויא איך האב

זיך אוועקגעזעטצט אין א ווינקעלע האפען א דרעמטל. עס האט מיר זעהר גע־שלעפערט אבער וואס ווייטער איז מיט מיר געשעהן געדענק איך ניט. מיין גערעכטנים געהט ניט ווייטער. אלעס וואס איך ווייס איז אז ווען איך בין וויע־דער געקומען צו זיך, בין איך געזעסען אויף א באנק אין באטערי פארק, נויארק. הונגריג, אבגעריסען, אבגעשליסען, שמוטציג אונד פערשמאכט. איך האב ניט גע־קענט קלוג ווערן ווארום איך געפין זיך אין אזא שרעקליכע לאגע. איך האב געקלערט, געקלערט אונד ווייטער געקלערט — אבער איך האב קיין ענטפער גע־פונען אויף מיין רעטענעס."

ניט ווייט פון מיר, אויף איין אנדער באנק וואו א מאן איז געזעסען אונד האט זיך אויפגעהויבען צו געהן, איז געלעגען א האלבע צייטונג וואס דער מאן האט איבערגעלאזען. אזוי וויא מיר איז געווען לאנגווייליג בין איך צוגעגאנגען גענומען דיעזע שטיקעל צייטונג אבער, וויא איך האב עס אויפגעהויבען, בין איך איבערראשט געווארען! דיא צייטונג האט געטראגען דעם דאטום פון 23טען אקטאבער 1896. אך גאט! האב איך אויסגעשריען. געסטערן איז דאך געווען מאָנאט מאי, אונד היינט איז שוין „אקטאבער," א שפרונג פון פינף חדשים איך האב צו ערשט מיינע אייגענע אויגען ניט געגלויבט, פיעלייכט איז דאס א דרוק־פעהלער. אבער ניין, דיא טויטע נאטור אום מיר האט מיר בעשטעטיגט אז דאס איז ניט קיין דרוק־פעהלער, זאנדערן עס איז טאקע אקטאבער. דיא בוימער זיינען געווען נאקעט אונד דער ווינד האט געשניטען אין געזיכט.

איך האב זיך אויפגעהויבען פון באנק צו געהן א היים, אין מיין פרעכטיגע וואהנונג צווייטע עווענוי, אויסגעפינען וואס מיט מיר איז געשעהן. בין איך אפשר אונטער דיעזע צייט פעררייסט געווען אונד איך בין ענטלאפען פון משוגעים־הויז? אפשר בין איך נאך חלילה יעצט ניט ביי מיין זינען?! איך האב אנגעפאנגען צו געהן צו דער 2טער עווענוי, אונד עס האט מיר גענומען א גוטע שטונדע ביז איך בין אנגעקומען אין דיעזע סטריט. וויא איך בין צוגעקומען צו מיין הויז, בין איך איבערראשט געווארען צו זעהן אויפ'ן טיהר א גרויסען צעטיל מיט דיעזע צווייא ווערטער „*For Sale*" (צו פערקויפען). איך האב אנגעקלונגען דעם גלאק, אבער קיין ענטפער. איך קלינג וויעדער, אומזיסט מיין מיה! דיא הויז איז שטיל וויא א בית עולם. איך האב זיך געזעצט אויף דיא טרעפ און האב וויעדער גענו־מען דענקען וואס דא טהוט זיך מיט מיר איך האב זיך געקניפען מיין פלייש צו זעהן אויב דיא גאנצע דראמא איז ניט מעהר וויא א נארישער חלום; אבער

עס איז קיין טרוים געווען, זאָנדערן דיא טרוקענע נאַקעטע וואהרהייט. מיר איז באַלד איינגעפאהלען אז איך בין וואהרש׳ינליך משוגע געוואָרען און וואנאָן פאָהרענ־דיג נאָך פילאדעלפיא אונד אזוי וויא איך בין פערפאהלען געוואָרען אונד מען האט מיר ניט געקענט געפינען, האט מיין פרוי אלעס פערקויפט. אָריטע פרוי! ווער ווייסט וויא פיעל זיא האט זיך אנגעליטען מיר זוכענדיג.

וויא איך בין אזוי געזעסען אויף דיא טרעפּ, איז צו געקומען א פרוי פון סטריט און זיא איז געגאנגען צו דיא הינטער טהיר פון דיא נעכסטע הויז. איך האב איהר א ווייליע בעטראכט, אונד האב באלד אין איהר דערקענט דיא דיענסט פון אונזער נאכבאר, וועלכע איך פלעג אָפט בעמערקען אין אונזער נאַכ־בארשאַפט.

וואָס מאכסטו מערי? — האב איך איהר געפרעגט — עס פרעהט מיך אזוי צו זעהן עפּעס עמיצען וועמען איך האב פריהער געקענט. קענסטו מיר ניט זאָגען וואו מיין פרוי איז און ווארום מיין הויז איז פערשלאָסען.

דיא פרוי האט מיר אנגעקוקט מיט א ווילדען בליק און געזאָגט:

פון וואנען ווייסט איהר מיין נאמען? איהר זייט מיר עפּעס בעקאנט. אָבער אייער ווייב האב איך קיין מאל ניט געקענט.

— וויא מערי, דוא קענסט מיר ניט! — האב איך ערווידערט מיט א דראַ־מאַטישען געשריי —

— מיינע קליידער זיינען אויף צרות, און דארום דערקענסט דוא מיר ניט. איך בין דאָך פיליפּ קרויזקאָפּף?

יעצט ווייסטו שוין ווער איך בין? קוק זיך גוט איין אין מיין געזיכט.

דיא פרוי האט זיך צולאכט און האט אויסגעבאטעלט צו מיר אללע חלומות.

— וואָס פּלודערט איהר! — האט זיא אויסגעשריען ענדליך מיט צאָרן — אז איהר זייט א טרעמפּ, א וואגאבאָנד האב איך באלד געזעהן; אבער וויא איך זעה יעצט, זיינט איהר אויך א מטורף. מיסטער קרויזקאפּף איז דאָך געשטאָרבען אין דיעזע הויז מיט פינף יאהר צוריק.

איך האב געגעבען א שפּרונג. וואס! איך בין טויט! וואָס טהוט זיך דאָ מיט מיר?

— גלויב מיר מערי — האב איך אָנגעפאנגען מיט א רחמנות פנים — אז איך בין פיליפּ קרויזקאפּף און איך האָב געוואהנט אין דיעזע הויז ביז מיט 5 מאָנאט

צוריק. זייט דאן בין איך וואהרשיינליך געלעגען וואו עס איז קראנק, און איך געדענק ניט וואס מיט מיר האט פאסירט ביז הייטע ווען איך בין געקומען צו מיין „איך.“

דיעזע ווערטער האבען געשיינט צו מאכען איין איינדרוק אויף דיא דיענסט, אונד זיא האט בעמערקט זייער ערנסט;

איהר זעהט אפילו אויס עהגליך צו מר. קרויזקאפף; אבער דאך סען איך אייך ניט גלויבען, אז איהר זיינט ער. איך האב, איהם אליין געזעהן ליגען טויט אין ארון, און איך האב אליין געזעהן מיט מיינע אויגען וויא דער טויטען־וואגען האט איהם אוועקגעפיהרט אין זיין אייביגע רוה. א רחמנות אויף אייך, מיסטער. איהר זיינט געבעך ניט ביי אייער זינען. דאס וואס איהר זאגט, אז איהר זיינט קראנק געוועזן, דאס קען מען זעהן, ווייל אייער געזיכט זאגט אז איהר זיינט נאך יעצט אויך ניט געזונד. האט איהר שוין הייטע עפּ־ס געהאט אין אייער מויל?

איך האב גענעבען א שאקיל מיט'ן קאפ, „ניין.“

— איך האב באלד געזעהן, אז אייער מאגען איז לעדיג — האט זיא געזאגט ווארט איך וועל אייך ברייננען א טאס קאפע מיט עפעס, אונד איהר וועט אייך דערוואַרעמען.

מערי איז פערשוואונדען דורך דיא הינטער־טיהר, און זיא האט מיך איבער־געלאזען שטארק פערטיעפט אין מיינע געדאנקען. אז זיא רעדט ערנסט איז ביי מיר קיין קלעהר געוועזן. זיא זאגט אז זיא האט מיר געזעהן ליגען טויט, און מען האט מיר ארויסגעטראגען אין טויטען־וואגען און מען האט מיר אוועקגעפיהרט. וואו בין איך אלזא געוועזן דיא לעצטע פינף מאנאט? עס קען זיין האב איך גע־טראכט, אז איך בין געבליעבען אין היהנער־פלעט פאהרענדיג נאך פילאדעלפיא און מען האט מיר געבראכט אלס טויט, און דערנאך האט מען מיר צוריק ארויס־געגראבען דורך א ווילדען צופאל.

מיינע געדאנקען האבען געגומען איין ענד ווען דיא דיענסט האט מיר גע־בראכט א גרויסע טאס קאפע מיט פוטער־ברויט.

— געהט בייסט איבער—האט זיא געזאגט—און איהר וועט פיהלען בעסער. איהר וועט קענען געהן א היים מיט א קלארען קאפ.

דיא קאפע האט דערוואַרעמט מיינע אללע גליעדער, און איך האב געפיהלט פיעל שטארקער וויא פריהער.

— מערי, האב איך אויסגעשריען מיט דאנקבארקייט—איך נעפין ווירקליך קיין ווערטער דיר צו בעדאנקען פאר דעם וואָס דוא האסט מיט מיר געטאָהן. דוא האסט אין מיר אריינגעזעצט א נייע נשמה: אבער איך קען ניט געהן אהיים ווייל איך האב ניט וואו צו געהן, אין פאל ווען דאס איז ניט מיין היים. עס טהוט מיר זעהר לייד, מערי, וואָס דוא גלויבסט מיר ניט אז איך בין פיליפ קרויזקאָפף; אָבער איך וויל מיט דיר מעהר ניט שטרייטען וועגען דעם. נאָר, קענסטו מיר פיעלייכט זאָגען וואָס עס האט דאן פאסירט ווען דוא האסט מיר, איך מיין איהם געזעהן ליגען טויט.

— ווער קען דאט געדענקען אלעס וואָס דיא צייטונגען האבען דאן געשריע־בען וועגען דעם? האט איהר דען דיא צייטונגען דאן ניט געלעזען?

— ניין—האב איך געענטפערט—איך האב קיין צייטונג ניט אָנגעזעהן פינף מאָנאָט, דיא גאנצע צייט וואס איך בין געלעגען קראנק, איך וויים ניט וואו. ביטע מערי, דערצעהל מיר וואָס איז דאן געשעהן.

מערי האט זיך פעראינטערעסירט און האט אנגעפאנגען:

ס'איז געווען אזוי: שבת אבענד אין מאי האב איך געהערט א געשריי אין הויז פון מר. פיליפ קרויזקאָפף. אין א מינוט ארום האב איך ווידער געהערט א געשריי. איך בין ארויסגעלאָפען פרעגען. דער אלטער דושעק וואס איז געווען מר. קרויזקאָפף'ס דיענער, איז מיר געקומען ענטגעגען, ער איז געלאָפען איבערן וועג רופען דעם דר. וויליאם נאָרמאן, אין א מינוט ארום איז ער געקומען מיט'ן דאָקטאָר. איך בין באלד העריין אין קיך פון מרס. קרויזקאָפף פרעגען וואָס פאר איין אונגליק דאָרט איז געשעהן. דאָרט האט מען מיר געזאָגט, אז מיסטער קרויזקאָפף איז געפאהלען טויט פון הארצקלאפּענס, און אז זיין ווייב וואָס איז דערביי געווען איז געבליעבען חלשות. ווען דער דאָקטאָר נאָרמאן איז געקומען, איז שוין דער מאן געווען טויט מיט אלע טויטע צו גלייך. אין צווייא טעג ארום איז געווען דיא לויה, דאס איז אלעס וואס איך וויים.

— דוא זאָגסט, מערי, אז דוא אליין האסט איהם געזעהן ליגען טויט. ביסטו זיכער אז דאָס איז געווען פיליפ קרויזקאָפף? האסט דוא זיין געזיכט געזעהן?

יא, אָבער ניט אין גאנצען, ווייל וואו ער איז געפאהלען טויט, האט זיין קאָפּ אראָבגעשלאָגען אויף דיא אייזערנע גראטעס ארום פייער־פּלאץ און זיין גע־זיכט איז געווען אזוי צושלאָגען און פערברענט, אז קיינער האט איהם ניט געקענט

דערקענען. אָבער, איך ווייס אז דאָס איז געווען פּיקיפ קרויזקאָפּף, ווייל מרס. קרויזקאָפּף האט אזוי געזאָגט. איהר ווילט מיר איינרעדען אז זיא האט ניט געקענט איהר מאַן?

— אָבער, דוא אליין האסט איהם ניט דערקענט?

— ווארט, ווארט, איך דערמאָן זיך יעצט, איך האב איהם דערקענט אן דעם גרויסען רינג וואס מר. קרויזקאָפּף האט אימער געטראָגען. איך האב עס דערקענט אויף זיין פינגער ווען ער איז געלעגען טויט.

איך האב באלד געגעבען א בליק אויף מיין פינגער — מיין רינג איז טאקע ניטאָ? דאס איז געווען א זאָנדערבארער רינג, זעהר קינסטליך געמאכט און האט געהאט א ייוויסען ווערטה. צעהן יאהר האב איך עס געטראָגען אויף מיין פינגער און יעצט איז ער ניטאָ. איך האב אבגעשילדערט פאר מערי וויא מיין רינג האט אויסגעזעהן און איך האב איהר נאָך אמאל איבערגעפרעגט אויב דאס איז דער רינג וואס זיא האט געזעהען אויף'ן טויטען'ס פינגער. זיא האט געענטפערט אז יא.

דיא געשיכטע פון רינג האט מיר גאָר פערפּלאָנטערט מיינע געדאנקען. ווען זיא האט מיר דערצעהלט אז דעם טויטען'ס געזיכט איז געווען פערברענט אונד צוריסען, האב איך באלד אוועקגעוואָרפען מיין ערשטע מיינונג, אז איך בין אפשר געבעליעבען אין חלשות פאָהרענדיג נאָך פילאדעלפיא און מען האט מיך א היים געבראכט אלס טוידט. איך האב באלד געזעהן אז אין פאלל ווען יענער טויטער, וואָלט געווען איך, טאָ וויא קוממט עס וואס איך האב אויף מיין געזיכט קיין ברעקיל צייכען פון א שנים אָדער א ברען? מיין געזיכט איז דאכצעך ריין. אבער וויא זיא האט מיר דערצעהלט פון רינג, בין איך גאָר געווארען פערטומעלט. איך האב זיך געטראכט; וויא באלד יענער טויטער איז ניט געווען איך, טאָ וויא קוממט עס וואָס ער האט געטראָגען אויף זיין פינגער מיין רינג? און ווידער וויא אזוי איז דאָס מיין וויב געווען דאן אזוי פערבלענדעט צו מיינען אויף א פרעמדען אז דאס איז איהר מאן מיט וועמען זיא האט געלעבט געגויע צווייא יאָהר?

— ווייסטו ניט מערי, וואו איך קען געפינען מאדאם סרויזקאָפּף? — האב איך דיא דיענסט געפרעגט.

— דאס ווייס איך ניט—וואר איהר ענטפער — מען זאָגט אז זיא האט אָבגעדרייזט נאָך קאָלאָראדא. מר. דשייק, איהר געוועזענער דיענער, וועלכער איז

געבליעבען אין נויאָרק, ער מוז עס וויסען, דשייק האט מיר געזאָגט דאָן, ווען דער אונגליק איז געשעהן, אז ער האט געזעהן מר. קרויזקאָפּף א האלבע שטונדע פאר'ן טויט. ער האט אויס געזעהן צו זיין אזוי ניעדערגעשלאָגען, מיטווילדע אויגען און מיט א מרה־שחורהדיגען בליק.

— אבער וואו קען איך געפינען דשייק'ן?

— דאס וויים איך ניט, איך גלויב אז מאדאם קרויזקאָפּף האט איהם מיטגענומען ווען זיא האט פערלאָזען איהר הויז.

דוא האסט מיר געזאָגט, מערי, אז באלד וויא דיא טראגעדיע איז דאן געשעהן האט מען געשיקט נאָך דר. וויללכיאם נאָרמאן; איז ער נור געוועזן דער איינציגער דאָקטאר?

— יא, איך האב פון קיין אנדער דאָקטאָר געהערט; יעצט לאָזט מיר געהן צו מיין ארבייט; איך האב דאָ פערבראכט מיט אייך איבער א שטונדע אויף פוסטע תלומות.

— איך דאנק דיר, מערי, פון טיעפען הערצען פאר אללעס וואס דוא האָסט מיט מיר געטאהן, און איך האף דיר צו בעלאָהנען מיט גאָלד זאָבאַ־ד איך וועל האבען דיא מעגליכקייט עס צו טאָהן, איך געה יעצט זעהן דר. נאָרמאן איבער'ן וועג.

איך האָב זיך שוין געהאט אוועקגעקעהרט פון איהר, האָט זיא מיר נאָכ־געשריען.

— עס איז אומזיסט וואָס איהר געהט צום דאקטאר; מיט צווייא מאָנאט צוריק האָט ער אוועקגעפיהרט א קראנקען אין אייראָפּא, אום דאָרט צו פערבליי־בען איבער ווינטער.



2טעס קאפיטעל.

# „איך האב אייך געזעהן אין קבר."

דיא לעצטעווערטער פון דיא דיענסט האבען מיר געגעבען א סלאפּ וויא א דונערשלאג! דער דאָקטאר נאָרמאן האט אָבגערייזט נאך אייראָפּא אויף אונבעשטימטע צייט גראדע יעצט ווען איך דארף איהם אזוי נעהטיג האבען ער זאָל מיר העלפען צו פערשטעהן דאס שרעקליכע געהיימניס. וואס טהוט זיך דאָ!!!

מיר איז אריין אין קאָפּ איך זאָל געהן אויפזוכען מיין פריינד סעם מאָריסאָן ס׳ם איז געווען געגען אבענד און איך האב גערעכענט אז ער האט שוין געווים פערלאָזען זיין אפיס אין בראָדוויא, און איך בין איהם נעגאנגען זוכען אין זיין פּרייוואט וואָהנונג אָפּ־טאָן.

„אבוואָהל עס איז ניט געווען זעהר ווייט, דאָך בין איך דאָרט אנגעקומען שפּעטער און צוּבראָכען. איך האָב זיך היננעזעצט א פינף מינוטען אויף דיא טרעפּען בריק אונד איך האב זיך אָפּגערוהט אום איך זאָל זיי קענען ארויפקלעטערן. שפּעטער האב איך אנגעקלונגען, און א דיענער האט זיך בעוויעזען.

— איז מר. מאָריסאָן צו הויז? — האב איך געפרעגט.

דער מאן האט מיך אנגעקוקט פון קאָפּ ביז דיא פיס, און האט מיר גוט בעטראכט וואהר שיינליך אויב איך בין ניט איין איבריגער גאסט, און אויב עס לוינט מיר אריינצולאָזען. ער האט טאקע אויך באלד בעשלאָסען אז זיין ווירטה קען זיך בעגעהן אָהן מיר, דען ער האט מיר באלד געענטפערט אז הער מאריסאָן איז ניטאָ.

— ווען ער באלד קומען? האָב איך געפרעגט.

— איך קען אייך ניט זאָגען; עס קען זיין אז ער וועט שוין היינט גאָר ניט קוממען.

דיא שטימע פון מאן איז מיר געווען בעקאנט, און איך האב איהם אנגעקוקט.

— איך גלויב דוא ביזט דשייק, דער קענסטו מיר ניט? האב איך אויסגעשריען.

דער דיענער האָט מיך בעטראַכט אונד אויסגעשריען פאַללענדיג אויף דיא קניע:

— איך האב אייך קיין מאָל קיין בייזעס געטאָן ווען איהר האט געלעבט, וואָס ווילט איהר פון מיר? געהט אייך אין אייער רוה מיסטער טויטער.

— אזוי נאָר דשייק — האב איך אויסגעשריען מיט פרייד — דוא ווייסט ווער איך בין! האָסט געווים געמיינט אז איך בין געשטאָרבען, נאַרעלע וואָס דוא ביזט דאָס איז געוועזן איין אירטהום. איך לעב וויא דוא, איך בין קיין גייסט. איך בין נאָר קראַנק אונד פערשמאכט. זעה העלף מיר, זאָג סעם'ן אז איך וויל איהם זעהן, מאך וואָס גיכער ווארום איך קען נאך חלילה שטארבען אויף איין אמת.

מיט א ציטערנע האנד און מיט בלאָיע ליפּען האט זיך דשייק אויפגעהויבען פון דער ערד, און האט מיר געגעבען זיין אָרעם, ווען איך האב זיך אנגעשפארט אן זיין שולטער האט ער זיך געוואָלט צוריק ציהען, טאָמער וועט ער זיך פערברענען אן מיין קערפּער. וויא קראַנק איך בין געוועזן האב איך זיך ניט געקענט איינהאלטען ניט צו געבען א שמייכעל אויף זיין אומזיסטיגע שרעק. נאָר וויא ער האט געפּהלט, אז איך בין א בשר־ודם מיט איהם צוגלייך, האט ער בעקומען זיין קוראַזש און האט מיר אויינגעפיהרט אין ווארטע־צימער.

ווען ער האט מיר אוועקגעזעצט האט ער אָנגעפאנגען ארויסצוגעהן.

— ווארט א מינוט, דשייק — האב איך זיך ביי איהם געבעטען — איידער דוא געהסט צו'ן הערן מאָריסאָן זאָג מיר געפעלינגסט וואָס האט פּאַסירט אין מיין הויז דאָן ווען מען האט געמיינט אז איך בין געשטאָרבען.

— אָי זעהט מיסטער, לאָזט מיר געהן; איך פערשטעה ניט וואָס דאָ טהוט זיך. איך בין זיכער, אז איהר זיינט דאן געשטאָרבען, ווארום איך האב אייך געזעהן אין אייער קבר! וויא קומט עס אלזאָ וואָס איהר זיינט ווידער לעבעדיג געוואָרען?

— אָט דאָס איז טאקע וואס איך וויל אויסגעפינען. זאָג מיר צוערסט וואָס האט פּאַסירט אין אונזער הויז יענעם טאָג ווען מען האט געמיינט אז איך בין געשטאָרבען.

— דעם 25מען מאי זייט איהר געפאהרען נאך פילאדעלפיא — האט ער גע‍מורמילט.

— דאס געדענק איך גאנץ גוט, דשייק; אָבער פון יענעם טאָג אָן וואָס עס האט מיט מיר פּאַסירט, האב איך אללעס פערגעסען. מיין געדעכטניס איז

מיר ערשט צוריק געקומען היינט פריה ווען איך האב זיך געפונען זיטצענדיג אויף א באנק אין באטערי פארק. יעצט זאָג דוא מיר וואָס עס האט פאסירט דאן ווען איך האב פערלאָזען דאס הויז, אונד ווארום מען האט מיר געראבענט פאר טויט?

רשייק האט געגעבען א קנייטש זיין שטערן און האט מיר דיעזע ענטפער געגעבען.

— ס׳איז געווען, אויף מאָרגען אבענד ווען איהר זיינט צוריקגעקומען א היים איך בין גראדע געווען דרויסען ווען איהר זיינט אנגעקומען, און איך בין געלאָפע אייך עפענען דיא טהיר. וויא איהר זיינט אריין אין הויז, האט איהר גענומען געהן אין פארלאָר (זאאל) צום פיאנא. ווארט, וואס איז ווייטער געשעהן? יא, איך האב זיך דערמאָנט, ווען איהר זיינט אריינגעקומען, האט איהר עפעס דערמאָנט אייער ווייב׳ס נאָמען, אָבער איך האב דאן ניט געוואוסט וואָס איהר מיינט, און איך האב געראַכענט אז איהר ווילט זיא זאל צוקומען צו אייך. אזוי וויא איך האב אייך ניט געוואָלט איבערפרעגען, האב איך מיטגעטהיילט מאדאם קרויזקאָפּף אז איהר ווילט איהר זעהן אין פארלאָר. באלד וויא איך האב אָבגעטהאן מיין שליחות בין איך אראָפּגעגאנגען אין קיך. אונגעפעהר מיט א שטונדע שפעטער האב איך געהערט א געוואלט אין פארלאָר. איך בין אריינגעלאָפען און האב אייך געפונען ליגען אויף דער ערד און אייער ווייב אויף אייך. אייער געזיכט איז געווען שווארץ וויא קויל און פערברענט וויא א קארטאפעל, איך האב באלד געזעהן אז איהר זיינט טויט. אייער ווייב האט געשריען מיט יאמערליכע קולות, און איך בין געלאָפען רופען דעם דאָקטאָר נאָרמאן, לויט דעם בעפעהל פון מיין ווירטהין. איך האב דעם דאָקטאָר געבראכט, ער האט אייך אונטערזוכט און ער האט גע־זאָגט אז איהר זייט טויט.

— דוא זאָגסט אז מיין געזיכט איז געווען פערברענט און צוקלאפט. טאָ וויא אזוי האסטו מיר דערקענט?

רשייק איז געבליעבען א וויילע אָן אן ענטפער, און האט ענדליך געמורמעלט דיעזע ווערטער:

— איך האב פערשטאנען אז דאָס זיינט איהר, ווייל מיט א שטונדע פריהער האָב איך צו אייך גערעדט, און קיין אנדערן האב איך ניט געזעהן אריינקומען אין פארלאָר דיא גאנצע צייט ביז איך האב אריינגעבראכט דעם דאָקטאָר נאָרמאן איבערינענס, מאדאס קרויזקאָפּף האט געזאָגט אז דאָס זיינט איהר אליין.

— האסטו אננעקוקט מיין געזיכט ווען איך בין געלעגען אויף דער ערד?
— ס'איז ניט געווען אויף וואס צו קוקען, כמעט אין גאנצען פערברענט.

# ביי דעם באנקירער,

עס איז איבריג צו ווידערהאלען מיין שלום-עליכם צו מיין פריינד סאם מאָרריסאן, וויא איבערראשט ער איז געוואָרען באלד אז ער האט מיר דערזעהן, וויא ער האט מיך נעפרעגט מיט שרעק ווער איך בין און וויא ער האט ענדליך געזונקען אין א טיעפע שטילקייט באלד נאכדעם וויא איך האב איהם געזאָגט מיין נאמען.

— צוערשט לאָמיר נעהן עסען סאפּער—האט ער צו מיר געזאגט נעבענדיג א קנייטש זיין ברייטען שטערן—דערהויל זיך, רוה דיך אוים ביי מיר אויפ'ן געלע-גער, און מאָרגען נאָך פריהשטיק וועלען מיר רעדען.

ווען איך בין אויפגעשטאנען אויף מאָרגען, האב איך זיך געפיהלט שטארק פריש, און כמעט גאָר ניט דערזעלבער קרויזקאפּף פון נעסטערן אבענד.

— עס איז ביי מיר קיין צווייפעל — האט מיין פריינד בעמערקט מיט א פּערטראכטע מינע--אז דאָ איז געשעהן א פערברעכען.

— וואָס הייסט? וויא אזוי—

— ווערסט שוין שפּעטער אויסגעפינען; זאָג מיר צוערשט וויפיעל געלד האסטו געהאט אין באנק?

— 4000 דאָללאר.

- און וויפיעל איז געווען דיין לעבען פערזיכערט?

— אין 12000 דאָללאר.

— איך פערשטעה אלזאָ גאנץ גוט, אז דאָ איז געשעהן א געוואלטינעס פערברעכען, און אפשר א מארד.

— אָבער וויא אזוי? —האב איך איהם איבערגעשלאָגען — וויא אזוי האט געקענט געשעהן א מארד אז איך לעב, דער זאָ גענאנטער קרויזקאָפּף איז דאָך בעגראָבען געוואָרען און מען האט איהם געזעהן אין קבר ווען איך זאָל ניין ער טאָ ווארום איז מיין געזיכט ניט פערברענט?

— מיר וועלען נאָך דאָס היינט אויסגעפונען—האט ער מיר ערווידערט—לאָ־מיר צוערשט געהן צו דיין שניידער.

— וואָס הייסט? — —

— דוא מוזט זיך צוערשט אָנקליידען אנגעפעהר אין דיא זעלבע ארט קליי־דער וואָס דוא פלעגסט טראָגען מיט זעקס מאָנאט צוריק. ווען דוא וועסט אויס זעהן וויא דוא אַליין, וועסטו אפשר קענען געפינען וואָס דוא זוכסט, און מיר וועלען דערנאָך געהן אין באנק.

מיר זיינען אוועק צו מיין שניידער, א געוויסער מר. סטיווענס וועלכער איז געוועזן מיין שניידער פאר דיא לעצטע עלף יאָהר. באלד וויא מיר זיינען אריין האט ער בעגריסט מיין פריינד און זיך א נייג געטאָהן צו מיר. אויף זיין געזיכט האב איך גיזקענט לעזען, אז ער האט מיך גוט דערקענט.

— וואס מאכט איהר מר. סטיווענס? — האט מיין בעגלייטער איהם גע־פרעגט — דערקענט איהר אפשר דיזען מאן?

ער האט מיר אננעקוקט, און אויסגעשריען מיט א ווילדע איבערראַשונג:

— אך, וואָס מאכט איהר מיסטער קקקרויזז......

דער אנדערער האלבער נאָמען איז געשטאָרבען אויף זיינע ליפּען, נאָך־א קורצען שטילל שווייגען, האט ער פאָרטגעזעצט

— וואס מאכט איהר הערר קרויזקאָפּף? אבי איך האב געהערט זאָגען אז איהר זיינט געשטאָרבען, א סימן אז איהר וועט לאנג לעבען.

— יאָ, מען האט געגלויבט, אז ער איז טויט— האט מאָרריסאָן געזאָגט — דאָס איז אבער געוועזן איין אירטהום. קרויזקאָפּף לעבט און ער בייזערט זיך גאָר ניט וויא א בר־מנן. ער וויל זיך בעשטעלען צוויי אנצוגען ביי אייך, איין אָנצוג זאָל פערטיג ווערן זאָ שנעל וויא איהר קענט עס מאכען. ער איז געוועזן קראַנק און ער האט פערלאָרען זיינע אלטע זאכען.

עס פרעהט מיך, הערר קרויזקאָפּף, וואס אייער טויט איז געוועזן איין אויס־געטראַכטע זאך — האט דער שניידער אויסגעשריען—און איך וועל זעהן, אז איהר זאָלט האבען איין אנצוג פערטיג הייטע נאָך מיטאג. זאָל איך אייך ווידער א מאָסס נעהמען, אָדער איך זאָל געברויכען אייער אלטע מאָס?

— נעהמט מיר א נייע מאָס, ווייל איך גלויב, אז איך בין מאָגערער געוואָ־רען דיא לעצטע צייט.

אבער וויא צופריעדען בין איך געוואָרען, ווען דער שניידער האט מיר געזאָגט

נעהמענדיג דיא מאס, אז דאס שטימט מיט מיין אלטע מאס פון א יאהר צוריק. איז דאס ניט איינער פון מיינע בעווייזע אז איך בין איך? — האב איך זיך געטראכט:

— פיליפ — האט צו מיר מיין פריינד געזאגט ארויסנעהענדיג פון סטאר — מיר האבען היינט געמאכט דעם ערשטען גוטען טריט פאר דיין טובה. נאך מיטאג ווען דיין אנצוג וועט פארטיג ווערן, וועלען מיר אבשטאטען א בעזוך אין באנק.

ווען איך האב זיך אנגעצויגען מיינע נייע קליידער, נאך מיטאג, האב איך פון זיך אליין נחת געקליבען. איך האב זיך דערקענט אין שפינעל אז דאס בין איך מיט דיא ביינער, איך אליין, און אז יעדער, וואס האט מיר נאר צווייא מאל געזעהן מיט פינף מאנאט צוריק, דוגר מוז מיר דערקענען, אז איך בין פיליפ קרויזקאפף. מיין פריינד מארריסאן איז געווען גאנץ ענטציקט ווען ער האט מיך דערזעהן אין מיינע בגדים און האט אויסגעשריען:

— העללא אלד באי! יעצט קענען מיר געהן אין באנק.

— אלל ראיט.

— זאג מיר אבער — האט ער ווייטער געפרעגט — איז שוין דיין געדעכטניס געקומען צוריק? קענסטו זיך שוין דערמאנען עפעס פון דיין פערגאנגענהייט?

— ניין מיין פריינד — האב איך געענטפערט — איך האב זיך נאר דערמאנט א קלייניגקייט. געהענדיג פון שניידער האב איך באגעגענט דאקטאר נארמאן'ס ברודער, דעם אדוואקאט, און ער האט שטארק געקוקט אויף מיר. ער האט מיר געווים דערקענט. ער האט אויף מיר געווארפען א שטארקען בליק, און האט זיך אריינגעדרעהט אין א זייט געסיל.

— איך האב היינט ניט געשלאפען — האט מארריסאן צו מיר געזאגט מיט איין ערנסטע מינע — און איך האב עפעס פעריכט, איך האב געמעלדעט דער פאליצייא, מען זאל זוכען דורך א דעטעקטיוו ביורא צווייא פערזאנען: דיין ווייב און דעם דאקטאר נארמאן. זיי מוזען זיין אין דער וועסט אדער אפשר אין ענג־לאנד, איך האב אויך צוזאממענגעקליבען אללע שטיקער צייטונגען ווענען דיין טוידט, דיא אונטערזוכונג דאן פון קאראנער און עהנליכע מיטהיילונגען. דיא איינ־ציגע פערזאן, וואס האט דיר געזעהן צום לעטצטען מאל לעבעדיג, אחוץ דיין ווייב און דער דיענער דשייק. ווערער, דר. נארמאן, דיין ווייב, דשייק און דער אנדער־טייקער זיינען דיא איינציגע, וואס האבען דיך געזעהן טוידטערהיים. איך האב דיר

אויך געזעהן נאָך דער דראמא; אבער דיין געזכט איז געווען אזוי פערוויקעלט, אז איך האב דיר ניט דערקענט. אלזאָ איך האב צווייא מיינונגען קלאָחר צו מאַכען דיזען ווילדען רעטענעס: 1) ענטוועדער דשייק האט א גרויסען טעות, אז דוא ביזט דאס געווען דער וואָס איז דאן אריין אין הויז צו דיין ווייב און דאָס האט געמוזט זיין א מאן וואָס האט געהאט עפּעס דיין אנבליק, אָדער 2) דוא ביזט עס טאקע געווען, נאָר דוא האסט פערלאָזען אונבעמערקט דיין הויז, איידער די טראגעדיע איז געשעהן. געדענקסטו עפּעס דערפון?

— גאָרניט א האָר אויך ניט.

אזוי רעדענדיג זיינען מיר אנגעקומען אין דער באנק, מיר זיינען אריין באלד אין אפפיס פון פרעזידענט וואו מיר האבען איהם געפונען זעהר בעשעפטיגט ווען ער האט אויפגעהויבען זיינע אויגען, איז ער צוגעגאנגען צו מיין פריינד מאָרריסאָן האט איהם בעגריסט און געפרעגט:

— וואָס קען איך טהאָן פאר אייך? —

— זעהר פיעל—האָט מיין פריינד געענטפערט—איך בין אהער געקומען ווענען א זעהר וויכטיגע ביזנעס. דערקענט איהר דיזען יונגען מאן?

מר. שולץ, דער פרעזידענט פון באנק, האט אויסגעשטעלט זיינע אויגען צו מיר, האט מיך גוט אָנגעקוקט און געשוויגען, ער האט באלד אראָבגענומען די ברילען פון זיינע אויגען, האט זייא אויסגעווישט, אונד בעמערקט קאלט:

— מערקווירדיג וויא עס גיבען זיך אנבליקען וואָס האבען א גרויסע עהנליכקייט! מערקוויר......

— וועמעס אנבליק גלויבט איהר דען, הערר שולץ, האט דיזער מאן? האט מיין פריינד איהם אונטערבראָכען.

— איהר פרעגט מיר! זעהט איהר ניט אז ער זעהט אויס וויא צווייא טראָפּענס פיליפּ קרויזקאָפּף. ווען איך וואָלט ניט געוואוסט אז ער איז טויט, וואָלט איך איהם געוויס אנגערופען מר. קרויזקאָפּף.

— דאס איז ער טאקע!—האט מיין פריינד איהם אונטערבראָכען—אונד איך זעה ניט וויא מען קען מיינען אז ער איז ניט פיליפּ קרויזקאָפּף.

— איהר שפּאַסט — האט דער פּרעזידענט פון באנק איהם אויסגעשריען אין מיטען—הערר קרויזקאָפּף איז טויט און בעגראָבען. איך האב אלע בעווייזע פון זיין טויט. איך האב דיעזע בעווייזע געמוזט האבען איידער איך האב ערלויבט זיין אלמנה ארויסנעהמען דאָס געלד וואס איז מיר געווען אנפערטרויט.

— אזוי נאר! זיא האט ארויסגעצוינגען פון באנק דיא 4000 דאללאר,— האט מאררויסאן נעפרעגט איבערראשט קיקענדיג אויף מיר.

נאכדעם וויא דער פרעזידענט פון באנק האט געגעבען א שאקעל מיט'ן קאפף „יא" האט ער זיך געווענדעט צו מיר מיט א שפאנעל נייע פראגע.

— ענטשולדיגט מיר מיין הערר, איהר האט מיר נאך ניט געזאגט וואס איז אייער נאמען. זיינט איהר א קרוב פון דעם פערשטארבענעם פיליפ קרויז־קאפף? איהר האט זיין אנבליק.

— איך בין אליין דער זעמעס אנבליק איך האב; איך בין פיליפ קרויזקאפף און פון קיין אנדערן ווייס איך ניט.

— מיינט איהר עס ערנסט?

— יא, איך בין דער קרויזקאפף וואס האב אוועקגעלייקט מיין געלד בייא אייך אין באנק, איך בין דערזעלבער וועלכען מען האט ראפארטירט אלס טויט, בעגראבען און בעשאטען, און ענדליך בין איך דערזעלבער וועלכער לעבט אונד שטעהט יעצט פאר אייערע אויגען. איך בין דערזעלבער וועמעס געלד מען האט פון אייער באנק ארויסגעשווינדעלט, און איך וויל מיין געלד!

— מיינט איהר עס ווירקליך וואס איהר בעהויפטעט?

— יא האב איך געענטפערט מיט אונגעדולד.

— אונד איהר, הערר מאררויסאן, בעשטעטיגט איהר אייער פריינד'ס פרעטענזיעס.

—געוויס!

— אין דיעזען פאל—האט דער פרעזידענט ווייטער גערעדט—מוז איך יעצט מיט אייך ענדיגען דיעזען געשפרעך. אונזער באנק האט אויסגעצאהלט גאר דאס געלד צו דיא יורשים פון מר. קרויזקאפף, און אין פאל ווען ער איז ניט טויט דאן איז אונזער באנק פעראנטוואָרטליך פאר זיין געלד. איך האב אלזא מיט אייך גאר ניט וואס צו רעדען וועגען דעם, ווייל וועגען זאלכע זאכען רעדט מען דורך א'ן אדוואקאט......

— וואס מיינט איהר?

— איך מיין, מיר וועלען קיין געלד פערלירען, און איהר וועט מוזען גערינכט־ליך בעווייזען אז איהר זיינט פיליפ קרויזקאפף.

— ר ווילט מיר אללע ניט דערקענען?

— ניט איך קען עס, און ניט איך טאהר עס.

3טעס קאפיטעל.

# דער בערויבטער קבר.

מיר האבען שוין דען ערשטען פאטש נעקראָגען — האט צו מיר מיין פריינד מאָרריסאָן געזאָגט ארויסגעהענדיג פון באנק—נאָר עס מאכט ניט אויס. מיר ווע־לען זיך אזוי גיך ניט אונטערגעבען, און דער אמת מוז ארויסקומען.

יא, האב איך געענטפערט, אבער, עס קריינקט דאָך א מענשען אז זיינע איינענע פריינדע זאָללען איהם ניט ווען ד'ערקענען. הער נאָר א ביזנעס! איך מוז אליין בעווייזען אז איך בין איך, און מען גלויבט מיר נאָך ניט. זאָג מיר א קאָרשט, פריינד, וואו געהן מיר יעצט האבען א צווייטע מפלה?

— יעצט לאמיר געהן צום קאָראָנער. מען האט דאָך פערשריעבען אין קאָ־ראָנערים אָפיס פון דיין טויט. איך זעה אלזאָ ניט איין קיין בעסערן פלאַן וויא דער קאָראָנער זאָל געהן און עפענען דיין קבר.

— חכעבען א גוטער פלאַן.

— וואָס דען האסטו געמיינט, פיליפ? אז איך בין שוין אויסגעוועבט?

מיט איינינע מינוטען שפעטער זיינען מיר געווען אין קאָראָנער'ס אָפפיס פון דר. האריים. איך האב ניעמאלס דיזען דאָקטאר באגעגענט, אבער מיין פריינד מאָריססאָן האט זיך מיט איהם גוט געקענט.

וואס מאכט איהר?—האט דר. האריים דער קאָראָנער געפרעגט מיין פריינד באלד וויא מיר זיינען אריינגעקומען.

— איך קום יעצט צו אייך ווענען א ביזנעס וואָס איך ווייס אליין ניט וויא עס אנצורופען—האט מיין פריינד געענטפערט ערלויבט מיר אייך פאָרצושטעלען מיין פריינד פיליפ קרויזקאָפף.

— עס פרעהט מיך, הער קרויזקאָפף, אייער בעקאנטשאפט. יעצט זאָגט מיר —מיינע העררן וואָס האט אייך געבראכט צו מיר?

— איהר האט אפשר געהערט פון פיליפ סרויזקאָפף, א פראָמינענטער מיט־גליעד פון טאמאני האלל און א גאנצער ספאָרט.

אָה יא, ער איז נעשטאָרבען דעם 26טען מאי, און מיט דרייא טעג שפּעטער חאט מען איהם בעגראָבען אין גרין סעמעטערי. איך בין נעווען עפּעס פערבונדען מיט דיעזע טראַגעדיע, דארום נעדענק איך עס. איז דיעזער מאַנן א קרוב צום פערשטאָרבענעם.

— וואָסער קרוב? דאָ איז ער אליין.

מיינט איהר עס ערנסט?

— יא, דאָקטאָר אין טיעפען ערנסט און איך וויל אייך באלד אויפמערקזאם מאַכען, אז דא איז נעשעהן א גרויסער פערברעכען, חאָטש איך קען אייך נאָך ניט זאָגען נענוי דיא איינצעלהייטען פון דיעזען פערברעכען. מר. קרויזקאָפּף איז נעווען אראָפּ פון זינען אָדער קראַנק, וועהרענד פינף מאַנאַט. ערשט נעסטערן איז ער נעקומען צו זיך און האט אויסנעפונען אז ער איז פעררעכענט אלס טויט. ער האט אויך נעמאכט דיא טרויעריגע ערפאַהרונג אז מען האט דערווייל צונענומען זיין איינענטהום. זיין ווייב און דער דאָקטאָר וועלכער האט אטענדעט דעם זאַגענ־טען טויטען קרויזקאָפּף זיינעןביידע פערשוואונדען. דיא גאַנצע זאַך איז דאָ אפילו זעהר פערפּלאָנטערט; אבער איך קען צו נוט מיין פריינד מר. קרויזקאָפּף, אז איך זאָל האבען דעם מינדעסטען צווייפעל, אז דאָס איז ניט ער. איך קען דארויף שווערן, נאָר, אזוי וויא ער איז נעזעצליך טויט, מוזען מיר איהם צוריק לעבעדיג מאַכען נעזעטצליך. אונזער ערשטער טריט דאַרף אלזאָ זיין, הערר קאָראָנער ארויסצונעהמען דעם טויטען פון קבר און זעהן ווער ער איז נעווען. קענען מיר אזא זאַך אויספיהרען דורך אייך?

דר. האַרייס, דער קאָראָנער האט אונז אָננעקוקט מיט א שאַרפען בליק. ער האט נעווים נעמוזט פיהלען אין זיך איבערראַשונג אבער ער איז צו קלוג נעווען ארויס צו ווייזען זיין איבערראַשונג אויפ'ן נעזיכט. נאָך א קורצען שבי.שווייגען האט ע.־ נעזאָגט קאַלט־בלוטיג:

אום איך זאָל נעבען ערלויבנים ארויסצונעהמען א קערפּער פון קבר, מוז איך נעוועהנליך. האבען איין ערלויבנים פון דער פאַמיליע! נאר, אזוי וויא דאָ האנדעלט זיך פון א פערברעכען, לויט וויא איהר זאָגט. וועל איך אייער וואונש ערפילען.

איך דענק אז איהר קענט נוט מר. פּיליפּ סרויזקאָפּף.

— נעווים, וואָס פרעגט איהר!

— מיין ביזנעס איז אלעס צו הערן, אבער אויך צו פרעגען. אלזא איך וויל אייך עפּעס פרעגען.

— וואס דען, דאָקטאר?

— ווער איהר מיר ערלויבען איך זאָל מאכען צו ערשט א פּראָבע אויב דיזער דזשענטעלמאן איז פּיליפּ קרויזקאָפּף?

— אָך, מיט'ן גרעסטען פערגניגען.

— ווער איז געווען אייער דענטיסט, מר. קרויזקאָפּף? האט ער מיר געפרעגט.

דר. טשארלז קאָרנגאָלד פון 14טע סטריט.

— גוט לאָמיר דאָרט געהן.

אבער, וואָס האט מיין דענטיסט צו טהאָן מיט דיא גאנצע דראמא? — האָב איך זיך געטראכט; דאָך, האב איך קיינע שאלות גישטעלט, דען איך האב געוואוסט, אז וואהרשיינליך וויים דער קאָראָנער וואס ער וויל.

דר. טשארלז קאָרנגאָלד'ס אפיס איז געווען ניט ווייט, בלויז צעהן מינוטען מיט דיא רויטע קאר, און רעדענדיג זיינען מיר אריין אין אָפּפיס פון דענטיסט וועלכער איז געווען בעשעפטיגט מיט א פּאציענט.

מיר האבען זיך אלע געזעצט אין ווארטע־זאאל און מיר האָבען געווארט מיט דער גרעסטען אונגעדולד

דער דענטיסט האט מיר אָנגעקוקט, האט געגעבען א שמייכעל און האָט זיך צולאכט, מורמלענדיג אונטער דיא ציין:

— איך האב נאָך אין מיין לעבען ניט געזעהן צוויא מענשען זאָללען זיך אזוי גלייך איינער צום אנדערן, הא, הא, הא,

— וועמעס אָנבליק האָט ער דען? — האט דער קאָראָנער געפרעגט.

וועמעס? פּיליפּ קרויזקאָפּף'ס. וואָס איז דאָ צו קלעהרען? נאָר, אזוי וויא א טויטער שטעהט ניט אויף לעבעדיג, איז דאָס געוויס איין אנדערער, און יעצט אז איך קוק זיך גוט צו זעה איך אז עס איז ניט עפּעס דאָ א האָרעלע ענדערונג צווישען זייא.

דאָס בין איך טאקע, דאָקטאָר — האב איך געזאָגט קורץ און שארף — און מיין טויט איז געווען א פאלשער בעריכט.

— דאָקטאָר! — האט דערווייל דער קאָראָנער אונטערגעבראָכען דעם גע־

שפּרעך — קענט איהר ניט אראָפּנעהמען מיט וואַקס א פּירעם פון ריזען דשענטעלמאַנ׳ס ציין? איהר זייט דאָך געוויס בעקאַנט מיט זיינע ציין?

— געוויס בין איך בעקאַנט.

זעהט אלזאָ נאָך צוערשט בייא איהם אין מונד אויב ער האט אלע „פּילדינגס“ וואָס איהר האט איהם געמאַכט און זעהט אויב איהר וועט דערקענען אין מונד אייערע אנדערע ארבייט.

מאָרריסאָן האט זיך ניט געקענט איינהאלטען, און האט אויסגעשריען מיט צופריעדענהייט.

— בראוואָ קאָראָנער! וויא אזוי זיינט איהר געקומען צו אזא גוטען פּלאַן?

— דאס איז שוין איין אלטע מעטהאָדע, און געברויך עס זעהר אָפּט אין מיינע אונטערזוכונגען — האט דער קאראָנער געענטפערט.

איך האב זיך געזעצט אין דענטיסט׳ס טשער, און נאכדעם וויא ער האט מיר גוט אונטערזוכט אונגעפעהר 30 מינוטען, האט ער אראָבגענומען א פורעם פון מיינע ציין, האט עט פערגליכען מיט׳ן פורעם פון א מאָל וואָס איז בייא איהם געווען. זיי זיינען געווען אזוי ענהליך, אז עס איז שוין ביים קאָראָנער קיין מינדעסטער צווייפעל געווען אז זיי ביידע זיינען פון איינע און דיא זעלבע פערזאָן.

— ענטשולדיגט מיר הערר קרויזקאָפּף — האט דער קאָראָנער געזאָגט — וואָס איך האב עפּעס געצווייפעלט. איך גראטוליר אייך הערצליך וואס איהר לעבט יעצט וועל איך מיט אייך מיטגעהן אויפ׳ן בית־עולם, אין גרין סימעטערי עפענען דעם קבר.

מיר זיינען ארויס פון דענטיסט מיר האבען גענומען א קערעדש און מיר זיינען אלע געקומען באלד דאָרט אויפ׳ן פּלאץ. דער קאָראָנער האט ערקלערט קורץ אונד שארף דעם סופּערטענדענט פון ריינעם אָרט וואָס ער וויל. עס האבען זיך באלד בעוויזען צווייא טויטען גרעבער, אונד דיא ארבייט האט זיך אנגעפאנגען.

זיי האבען געגראָבען אונגעפעהר א שטונדע, און פּלוצלונג האט איינער אויסגעשריען:

— דער ארון איז ליידיג! מען האט גערויבט דעם קערפּער!

— וואָס דער ארון איז ליידיג? ווער האט דאָ געקענט בערויבען דעם קבר?

— האט אויסגעשריען מיין פריינד מאָריסאָן.

דער קאָראָנער איז געשטאַנען נעבי׳ן דעם אָפענעם גראב גאנץ קאלט

בלוטיג, און האט קיין איבעראשונג געציינט אויפ'ן געזיכט. ער האט בלויז געזאגט צום סופעראינטענדענט אין זעהר א געלאסענעם טאָן:

— אייער פּגיבט איז, מר. מאסס, צו אונטערזוכען וואָס דאָ איז געשעהן, ווארום דיא גאנצע זאך ווערט דאָ צופיעל ערנסט.

— איך בין איבערציינט הערר קאָראָנער—האט דער סופעראינטענדענט בעמערקט—אז קיין מענש האט דעם קבר ניט געריהרט, און וויא באלד דער זארג איז ליידיג איז דאס נאָר א בעוויז אז מען האט בעגראָבען א ליידיגען ארון, און אין דיעזען קבר איז ניעמאלס געלעגען א טויטער.

— וואָס מיינט איהר? קענט איהר עס בעווייזען? — האט דער קאָראָנער געפרעגט.

— בעווייזען, קען איך פּאָרלויפיג נאָר ניט; איך בין אבער זיכער אז אויף דיעזען בית עולם האט קיין מענש געקענט בערויבען א גראב. דער פלאטץ ווערט צופיעל בעוואכט. עס איז אלזאָ ביי מיר גאָר קיין קלעהר אז מען האט דאָ באַגראבען א ליידיגען ארון.

— אבער דאס קען ניט זיין — האט איהם אונטער בראָכען דער קאָראָנער דיא אָנדער טייקערס, דיא טויטען גרעבערס, און טויטען טרעגערס וואָלטען דאָס געמערקט, אָנגענומען אז דער ארון וואָלט טאקע געווען ליידיג, וואָלטען דאָך דיא טרעגערס בעמערקט אז ער איז צו לייכט. וויעדער, אז מען האט עס אנגעפילט מיר שטיינער יעצט? ווען איהר אפשר זאגען אז זיי האבען דיא שטיינער צוריק ארויסגענומען? נו, אז זיי האבען געקענט טהאן אזא זאך אונבעמערקט, טא לאָמיר שוין בעסער זאָגען אז זיי האבען ארויסגעגנב'עט דעם קערפּער.

ביי דיעזע ווערטער זיינען מיר אלע ארויס פון ב ת - עולם, און ווען מיר זיינען געקומען צום טהויער, האט דער קאָראָנער דאָקטאָר האָריים געזאָגט צו מיין דענטיסט דאָקטאָר קאָרנגאָלד:

— דאָקטאָר איך האב אייך אהער מיטגענומען איהר זאָלט אונטערזוכען דיא ציין פון טויטען, אויב ס'איז דיא זעלבע פורעם וויא דיא וואָס איהר האט פון קרויזקאָפּף'ן. אייער גאנג איז אבער געווען אומזיסט. מיר האבען דען חתן ניט געפונען. ביטע אלזאָ דאָקטאָר, דאכט פאר קיינעם ניט פון דער גאנצע געשיכטע איך האב שטארק מורא אז דאָ האנדעלט זיך פון א גרויסען פערברעכען.

— אָלל ראיטה קאָראָנער, — האט דער דענטיסט געענטפערט — איך וועל

נעווים פאר קיין מענשען נים דאכטען. איך גיב אייך מיין אדרעסע אין פאלל ווען איהר וועט מיר ווייטער דארפען. אדיע!



4טעס קאפיטעל.

## צווייפעלט איהר נאָך אלץ אז איך בין איך?

ווען מיר האבען זיך געשיידעט פון דענטיסט, זיינען מיר אללע דרייא, איך מיין פריינד מאררימאָן און דער קאָראָנער דר. האריים ארויף אויף א קייבעל־קאר אום צו פאהרען צום פאָליציייא אינספעקטאָר. מיר האבען זיך קוים געזעצט אין קאר, איז ארייננעקומען א ניוסבאָי מיט צייטונגען און איינע פון דיעזע בלעט־טער האט געהאט זאָלכע טיטלען אז איך בין נייגעריג געוואָרען צו לעזען דעם אינהאלט.

דיא טיטלען פון צייטונג זיינען געווען אזוי אויסגעשטעלט:

עקסטרא! עקסטרא!

איז דאָס א מאָרד?

געפונען א קערפער שטארק צובייזלט.

מיר זיינען אללע געוואָרען זעהר נייגעריג, און יעדער פון אונז האט געקויפט דיא צייטונג. דער קאָראָנער מיט מיין פריינד האבען אָנגעפאנגען לעזען מיט דיא גרעסטע אויפמערקזאמקייט: איך האב זיך פערזוכט אין א ווינקעל, איך האב גענומען לעזען דיעזען ארטיקעל, און איך בין אזוי איבערראשט געוואָרען אז מיינע האָאר האבען זיך געשטעלט קאפויר.

דיא נייעס אין דער צייטונג האט געלויטעט אזוי:

„שפעט נאָך מיטאָג האט מען הייטע געפונען א קערפער פון א יונגען מאַן נעבען גאוורנאר׳ס־איילענד, וואס דער ים האט ארויסגעוואָרפען. דער קאָראָנער סמיטה האט געמאכט איין אונטערזוכונג און האט אויסגעפונען אז דער קערפער איז געווען געפאלמעסט און באלזאמירט. ער האט געהאט אויף דיא פיס

א שווערע משא, וואהרשיינליך מיט דער אבזיכט ער זאָל ליענען צום גרונד. דיא מאססע האט זיך אבער ארויסגעריסען, און דער טויטער מיט דיא שטריק זיינען דאך צוגעשוואוּמען צום ברעג. דער קאראנער בעהויפּטעט אז דער מאן איז דערשטאָכען געווארען פון א שארפען אינסטרומענט וואס מען האט איהם אריינגעשטאָכען־דורכן אויג אין דיא געהירן. וויא עס ווייזט זיך ארויס, האבען דיא מערדערס זעהר גוט פערשטאנדען זייער ביזנעס. וואס זיי האבען זיך אזוי בעוואָרינט. אויף דיא קליידער פון טויטען האט מען געפונען דעם צייכען פּ. מ., וויא אויך דעם נאָמען „סטיווענס, ארטיסט שניידער.“ דער קאָראָנער גלויבט אז דער קערפּער איז ניט געלעגען אין וואסער; אָבער טויט מוז ער שוין זיין פון א צייט פריהער. דיא דעטעקטיווס האבען א שפּור אויף דיא חברה וועלכע זיינען בעגאנגען דיעזען מאָרד, און עס איז קיין צווייפעל אז מען וועט אין ניכען האבען דיא מערדערס הינטער דיא גראטעס.“

ווען מיר האבען געענדיגט לעזען דיעזע שטיק נייעס אין בלאט, האט דער קאָראָנער געזאָגט צו מיר:

— אייער געשיכטע פאנגט אן צו ווערן זעהר אינטערעסאנט און וויא איך זעה, האבען דיא חברה ארויסגענומען דעם טויטען און אריינגעווארפען אין וואסער— איך מיין דעם טויטען וואס מען האט בעגראָבען אונטער אייער נאמען, אין פאל ווען איהר זייט ווירקליך קרויזקאָפּף.

— איך פערשטעה ניט, הערר קאָראָנער, איז עס מעגליך אז איהר צווייפעלט נאך אלץ אויב איך בין איך.

— איהר דארפט מיר ענטשולדיגען ווען איך צווייפעל עס נאָך. איך האב שוין געהאט אזוי פיעל ערפאהרונג אין מיין פּראָפעסיאָן אז איך האב א רעכט עפּעס צו צווייפלען אפילו אין איינעם פאל אבוואָהל איהר האט מיר שוין גענעבען ציםליך גוטע בעווייזע.

בייא דיעזע ווערטער האב איך אנגעפאנגען זיך צו שרעקען פאר זיך א[illegible]יין.

— וואס קען בעדייטען דיעזע רעטענעס? האב איך געפרעגט זיך אליין.

אין א פּאָר מינוטען ארום זיינען מיר אלע דרייא צוגעפאהרען צום אָפּפיס פון פּאָליצייא אינספּעקטאָר.

דיא גאנצע זאך איז פאר מיר צופיעל פערפּלאָנטערט — האט דער

קאָראָנער געזאָגט — און איך מוז עס איבערגעבען דער פּאָליצייא אין דער האנד. האָט איהר ווען געזעהן דעם פּאָליצייא אינספעקטאָר ברוין?

— קיין מאָל ניט — האב איך איהם געענטפערט — בלויז אָפטמאל אויף זיינע בילדער אין מאנכע צייטונגען.

— איהר וועט איהם געפינען פאר א זעהר קלוגען מאן, און איך דענק אז איהר וועט איהם דערצעהלען דיא גאנצע געשיכטע און ער וועט קענען ארויס קריכען פון דיעזע פערפּלאָנטערטע דראמא, ווייס איך ניט ווער עס וועט קענען.

— קענט איהר איהם, הערר קאָראָנער?

— ער איז מיין פריינד.

מיר האבען געטראָפען דעם פּאָליצייא אינספעקטאָר גראדע ווען ער האט געוואָלט פערלאססען זיין אָפפיס. נאָר, וויא דער קאָראָנער האט איהם געזאָגט אז ער מוז איהם באלד זעהן ווענען א זעהר וויכטיגעס פערברעכען, האט ער אונז געבעטען מיר זאָלען באלד אריינקומען.

מיר זיינען אריין, מיר האבען זיך געזעצט גאנץ בעקוועם און דער קאָראָנער האט אָנגעפאנגען דערצעהלען דעם אינספעקטאָר אלעס וואָס מיט מיר איז געשעהן נאכדעם האב איך אליין געענדיגט דיא גאנצע דראמאטישע ערצעהלונג בקצור.

און וועהרענד איך האב גערעדט, האט דער אינספעקטאָר גראדע געוואָרפען זיינע שארפע בליקען אויף מיר. ער האט פון מיר קיין אויג ניט אראָבגעלאָזען.

ווען איך האב געענדיגט רעדען, האט ער זיך אומגעקעהרט צום קאָראָנער מיט דער פראגע:

— האט איהר עפּעס נאָך צו צוזעטצען צו דיעזע געשיכטע?

— גאָר ניט — האט דער קאָראָנער געענטפערט — מר. קרויזקאָפּף האט עס אייך דערצעהלט פיעל בעססער וויא איך וואָלט עס געטאָן. איך מוז אזוי פיעל זאָגען אז איך אליין, וואס האב ביז יעצט געמיינט אז איך ווייס שוין אלעם—איך אליין האב אויך יעצט ערפאהרען א סך שפּאָנעל נייע זאכען.

— וויא איך זעה — האט דער אינספעקטאָר בעמערקט — זיינט איהר ביידע איבערצייגט פון דער וואהרהייט וואס איהר האט מיר דערציילט. איך נאָך ניט.

— אבער, אינספעקטאָר...... האב איך איהם אונטערבראָכען.

— מיר וואונדערט זעהר...... — האט מיין פריינד אויסגעשריען.

— ס'איז אָלל־ראיט — האט אונז דער אינספעקטאָר ברוין אָבגעהאקט אין

מיטען; נור, לאָמיר יעצט קיינע ווערטער פערלירן. לאָמיר אלע געהן אין „מאָרג" וואו עס ליגען דיא געפונענע טויטע, און צווישען זיי אויך דער טויטער וואָס מען האט ארויס:גענומען פון וואסער.

מיר האבען אָנגענומען זיין איינלאַדונג און מיר זיינען נאָכגעגאנגען דעם אינספעקטאָר אין מאָרג. מיר האבען דאָרט געפונען א זעקס טויטע וועלכע ליגען און ווארטען אז קרובים אָדער בעקאנטע זאָלען זייא דערקענען. דער סופּעראינ־טענדענט פון מאָרג האט אונז אויף א וואונק פון אינספעקטאָר צו געפיהרט צום טויטען וואָס מיר האבען געוואָלט זעהן.

מערקווירדיג! איך האב אָנגעקוקט גאנץ קאלט דיזען טויטען וואס איז גע־שטאָרבען פאר מיר ביי מיר אין הויז. איך האב געזעהן אז דער טויטער האט געמוזט האבען זעהר וועניג עהנליכקייט צו מיר. אבער, וויא איבערראשט בין איך געוואָרען ווען איך האב בעקוקט זיינע קליידער! וואס זאָג איך זיינע קליידער? ס'איז מיינע קליידער, און וויא נאס זיי זיינען געווען, האב איך זיי באלד דערקענט.

ער ליגט דאָך אין מיינע קליידער! — האב איך אויסגעשריען, וויא נים מיט מיין קול.

— דער מאָרד פאנגט זיך יעצט אָן צו ערקלעהרן—האט מיין פריינד געזאָגט פערווירט.

— עס שיינט אזוי — האט צוגעשאקעלט מיט'ן קאָפּף דער קאָראָנער.

— און מיר שיינט נאָך אלץ גאָרניט—האָט דער אינספעקטאָר צוגעבאמ־קעט לאַכענדיג. אויף וויטערזעהן—מיר וועלען זיך זעהן מאָרגען אום 2 אוהר בייא מיר אין אָפפיס.



## פטעס קאפיטעל.

# וואָס האט איהר געטאָהן אין לאָנדאָן?

איך בין אויפגעשטאנען אויף מאָרגען פיעל פרישער און געזינטער וויא איך האב זיך געליינט, מיין פריינד מאָררּיסאָן האט מיר בעגריסט מיט א לאך און האט מיר געפרעגט אויב איך בין געגרייט צו דער מלחמה.

— ביז בקוט — האב איך געענטפערט — אָבער ווענען זאָלען מיר דען הייטע בעגעגנען?

— דעם פּאָליציייא אינספּעקטאָר, הייטע אום 2 אוהר נאָך מיטאג.

דער אינספּעקטאָר האט מיר באלד בעגריסט פריינדליך, און נאכדעם וויא וויא ער האט מיר געהייסען זיך זעצען, האָט ער געזאָגט:

— דער דערטרונקענער טראָגט ווירקליך אייערע קליידער קליידער וועלכע דער שניידער סטיווענס האט פאר אייך געמאכט. דאס איז מעהר קיין קלער אויף דער דענטיסט האט בעשטעטיגט אז דיא ציין פון טויטען האבען א נאַין אנדער פורים פון אייערע ציין.

— איך דאנק אייך אינספּעקטאָר — האב איך געענטפערט — און וויא עס שיינט איז שוין בייא אייך קיין צווייפעל מעהר, אז איך בין איך.

— דאָס האב איך ניעמאלס געצווייפעלט אפילו איידער איך האב אייך געזעהן.

— איך מיין הערר אינספּעקטאָר, אז יעצט זיינט איהר שוין אללע איבערציינט דאס איך בין פיליפ קרויזקאָפף וועלכען מען האט פערעכענט אלס טויט.

דער אינספּעקטאָר ברוין האט געשוויגען.

קענט איהר מיר ניט געבען איין אידעע וואו אייער ווייב געפינט זיך יעצט? האט דער אינספּעקטאָר מיר פּלוצלונג געפרעגט און האט מיר אריינגעקוקט טיעף אין געזיכט.

— ה, וויא זאָל איך וויסען! אבער איך גלויב ניט אז זיא זאָל האבען א טהייל אין דעם מאָרד.

— ענטשולדיגט מיר, דאס פרעג איך אייך ניט. איך האב נאָר געוואלט וויסען אויב איהר האט איין אידעע וואו אייער פרוי געפינט זיך.

דער אינספעקטאָר האט א ווײלע געשוויעגען, און נאכדעם וויא ער האט געוואָרפען זיינע בליקען אויף א שטיק פאפיר מיט א זיגעל, האט ער זיך צו מיר געווענדעט מיט א פראגע וועלכע האט מיר אין גאנצען פערטומעלט.

— ט מיר, איך בעט אייך — האט זיין פראגע געלויטעט — וואס האט איהר געטאָהן דעם 10טען אָקטאָבער אין לאָנדאָן, אין דיא גרויסע ביבליאָטהעק בריטיש - מיוזעאום?

— וואו? אין לאָנדאָן, ענגלאנד? — האב איך געפרעגט מיינענדיג אז ער שפאסט.

— יא, אין לאָנדאָן, ענגלאנד.

— איך בין קיין מאָל ניט געוועזן אין לאָנדאָן.

פון וואנען ווייסט איהר — אז איהר זיינט דאָרט קיין מאָל ניט געוועזן?

— פון וואנען איך ווייס! איך ווייס טאקע ניט, און עס קען זיין אז איך בין דאָרט יא געוועזן. וואס צווינגט אייך צו זאָגען אז איך בין געוועזן אין לאָנדאָן?

— איינער פון מיינע דעטעקטיווס האט אייך דאָרט געזעהען, און ער האט אייך דערקענט. ער האט געהערט, אז איהר זיינט טוידט, און ער האט אייך גע־פונען זיצען אין ביבליאָטהעק.

— אין לאָנדאָן?

— יא, אין לאָנדאָן.

— עס קען מעגליך זיין, וויא באלד איך געדענק קיין זאך ניט.

— איך דענק, אז איהר זייט פון ענגלאנד צוריק געקומען אלס עמיגראנט, און זייט געקומען צו זיך געבען דער באטטערי אויפ'ן באנק. געדענקט איהר ניט עפעס פון א רייזע אויפ'ן ים

— ניין, העדר אינספעקטאָר.

קיין מענש קען זיך קיין בעגריף מאכען וואס פאר א שטורם דעם אינ־ספעקטאָר'ס רייד האבען געמאכט אין מיין זעעלע ארויסגעהענדיג פון אָפפיס. שטייץ, מען האט מיר געזעהן אין לאָנדאָן! וואָס טהוט זיך דאָ מיט מיר? —

האב איך נעפרענט מיין פריינד מאָרריסאָן — וואו בין איך דאָ אין דער וועלט? איך פאנג שוין אָן אליין צו צווייפלען אויב איך בין איך.

— איך וועל דיר זאָגען דיא וואהרהייט האט מיין פריינד מיר נעענטפערט — דיין לאָנדאָן האט מיר אין גאנצען, צו טומעלט, אָן איך האב גאָרניט וואס צו זאָגען. נאָר לאָמיר, געהן עסען, און זעהן וואָס דיא צייט וועט אונז ברייי.

— דאס פערברעכען פון אייער ווייב איז יעצט קלאָר און דייטליך — האט דער קאָראָנער ארויסגעשטאמעלט אונטער דיא צייהן און האט פון זיי אבשיעד גענומען.

---

6טעס קאפיטעל.

## ווער איז ער דאָך?

מיט דרייא טעג שפעטער איז ערשיענען דער פאָלגענדע אינטערוויו פון אינספעקטאָר ברוין אין א גרויסע צייטונג:

„עס איז מעהר קיין צווייפעל, נאָך דיא וואָך האב איך געמאכט דורך מיינע פעהיגע דעטעקטיווס אז דער וואָס בעהויפטעט צו זיין פיליפ קרויזקאפף איז ווירקליך ער. (דאָ קומט אריין א גאנצע שטיק פון רעפאָרט — אללעס וויא עס איז צוגעגאנגען מיט איהם און וואָס דיא לעזער ווייסען שוין) אבער דיא ערשטע פראגע איז אויב קרויזקאָפף האט געזאָגט דיא גאנצע וואהרהייט. איך גלויב דאָס יאָ, דאָס הייסט זאָ וויט וויפיעל ער געדענקט. מיר דארפען ניט פערגעסען אז ער איז געוועזען א לאנגע צייט אָהן געדאנקען, און דאס ער איז נאָך יעצט אויך ניט מיט אללעמען. מיר קענען אלזאָ ניט צעהלען צופיעל אויף זיין זכרון. עס קען זיין למשל, אז ער איז נאָר ניט געפאָהרען נאָך פילאדעלפיא, אבער ער האט זיך צוריקגעקעהרט א היים, און דער דיענער דשייק האט איהם אין הויז אריינגעלאָזען, און דערנאָך איז ער ווידער ארויס פון הויז גאָר ניט אונבעמערקט פון דיענער. נאָכדעם וויא מרס. קרויזקאָפף מיט'ן דאָקטאָר ווילליאם נאָרמא הא־

בען בעגאנגען דעם מארד אויף א פרעמדען מאן, האבען זייא איהם אנגעקליידעט טויטערהייט אין מר. קרויזקאפף'ס קליידער, האבען פערברענט זיינע א האלבע געזיכט, מען זאל איהם ניט דערקעננען, מיט דעם אויסרייד אז פאלענדיג איז ער אלליין געפאלען אויף א הייסען אויוען. וויא זיי האבען אבגעטאהן דיעזע שטיקעל ארבייט — אין פאלל ווען עס איז א [illegible] עהן — האבען זייא מר. קרויזקאפף'ן פערטוממעלט מיט א מין דראגג כלאראפארם, און האבען איהם ארויסגעלאזען פון הויז ער זאל וואנדערן וואו זיינע אויגען וועלען איהם טראגען וויא דער שטיי־נער ווען מען איז בערוישט פון א דראגג. עס קען אויך זיין אז זיי האבען איהם געשיקט אין פילאדעלפיא, און פון דארט איז ער געקומען צו פוס, איך האב אבער אויך דיא בעסטע בעווייזע אז דעם 10טען אקטאבער איז ער געזעסען אין ביבלי־אטהעק פון לאנדאן. איך בין אויך דער מיינונג אז דער מאן וועמען מען האט ארויסגענומען דיעזע וואך פון וואסער איז דערזעלבער וועמען מען האט ערמארדעט ביי קרויזקאפף אין הויז. וויא דיא שולדינגער האבען געזעהן קרויזקאפף'ן וויעדער ארומגעהען געזונד אונד פריש, האבען זיי זיך דערשראקען און האבען געזוכט צו בייזיטיגען דעם דאקטאר. דער דאקטאר וויליאם נארמאן האט געמוזט האבען איין אלטע ליעבע מיט מיסעס קרויזקאפף, און דאס בעטייט, וואס זייא זיינען ביידע ענטלאפען נאכדעם וויא זייא האבען ארויסגענומען דאס געלד פון באנק דאס איז אללעס, וואס איך קען פארלויפיג זאגן.

אלע צייטונגען האבען צוטראגען דיא ערקלעהרונג פון אינספעקטאר ברוין, און עס איז ניט אוועק קיין צווייא וואכען האבען דיא צייטונגען פערעפענטליכט דיא פאלגענדע עקסטרא:

## דיא מערדערס ארעסטירט!

## „טויט שטראף פאר דאקטאר וויליאם נארמאן און מאדאם עמא קרויזקאפף.“

„ ענדליך! דער רעטענס איז קלאר געווארען. מען האט געסטערן ארעסטירט אין דענווער קאלארײדא מיסיס קרויזקאפף און דעם דאקטאר וויליאם נארמאן פאר'ן מארד וואס זיי ביידע האבען בעגאנגען אין ניויארק, 2טע עוונע מיט זעקס מאנאט צוריק. עס ווייזט זיך ארויס קלאהר וויא דער טאג אז דער

ארועסטירטער דאָקטאָר האט געשפּיעלט א ליעבּע מיט מיסיס קרויזקאָפּף דא ווען זיא האט נאָך נעהייסען מיסס עמא סמיטסאָן. אָבוואָהל זיא איז א קריסטין, האט זיא דאך געשענקט איהר הערץ דעם יודישען יונגען מאן נור דארום ווייל ער איז געשטאנען אויף א נוטען פוס אין ביזנעס. אבער, נאָך דער חתונה האט דער פערליעבטער דאָקטאָר געארבייט מיט'ן גאל וויא אזוי צו בעזיטצען קרויזקאָפּף'ס ווייב, און צוזאמען מיט זיין ברודער, מאָטי נאָרמאָן, וואס איז א נעוועזענער דעטעקטיוו און יעצט א פעהיגער אדוואָקאט, האבען זיי בעשלאָסען איינצונעבען קרויזקאָפּף'ן נעוויסע דראָגגס ער זאָל פערליערע; זיין זינען, און אין דער זעלבען צייט האבען זיי בענאָגען א מאָרד אויף איין אומשולדינען מאן וועלכער איז אריין ביי קרויזקאפף'ן אין הויז פּעדלען מיט דאָסטערס. דער ערמאָרדעטער איז קיין אנדערער וויא הארי קאָוויאנסקי. דאָ האנדעלט זיך פון א היסטאָרישען מאָרד, און מיר האבען צו פערדאנקען דיא טהעטניקייט פון אינספּעקטאָר ברוין וואָס דיא נערעכטינקייט האט ענדליך געלענט דיא האנד אויף דיא שלאנגען וועלכע האבען אומזסטע בלוט פערגאָסען אום אויסצופיהרן א ניעדערטרעכטיגע ליעבע און צו בערויבען מר. קרויזקאָפּף'ס פערמעגען.

— — — — — — — — — — — —

ווען דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען האט אָבער דער דאָקטאָר וויליאם נאָרמאן געמאכט א שטארקען קאמפּף, און מיט דער הילף פון זיין ברודער דעם לויער און נעוועזענער דעטעקטיוו, וויא אויך מיט דער הילף פון דער באנק, וואָס האט ניט געוואָלט פערליערען קיין נעלד, האבען וויליאם נאָרמאן און מיסיס קרויזקאָפּף אזוי קינסטליך נעקעמפּפט ביז דיא דשורי לייט האבען ארויסגעגעבען זייער אורטייל ניט שולדיג! דער אדוואקאט פון דיא בעשולדיגטע האט ערקלערט אז קרויזקאָפּף איז ווירקליך טויט, און טראָטץ דיא אללע בעווייזע אז דיעזער מאן איז דערזעלבער, האט דיא קאָרט דאָך אללעס אבגעלייקענט און פיליפּ קרויזקאָפּף האט פערלאָרען זיין פּראָצעס, און זיין לעבען, דען מען האט איהם ערקלערט אז ער איז געזעצליך טויט!

ער האט זיך א צייט ארומגעדרעהט אין נויאָרק א פערצווייפעלטער, און מיט א מאָנאט שפּעטער האט ער אבגערייזט, צוזאממען מיט נאָך וואָלונטירען, נאָך טאמפּא, אונד ער איז יעצט איינער פון דיא בראווע העלדען וועלכע העלפען קעמפּפען צו בעפרייען קובא פון שפּאנישען יאָך.

7טעס קאפיטעל.

# דער סדר אויף דעם ריינעם אָרט.

עס איז געווען מיט א יאהר שפּעטער נאכדעם וויא דער אונגליקליכער קרויזקאָפּף האט אבגערייזט נאָך קובא.

עס איז שוין געווען נאָכ'ן צווייטען כוס, צווייא קינדער האבען שוין לאַנג אבגעפרעגט דיא 4 קשיות אין ענגליש, קשיות אויף וועלכע זיי האבען ערהאלטען פון זייער אונגארישען פאָטער א האלב דייטשעשען תירוץ. אויף'ן סדר טיש האט זיך געוועלט, און דיא פענסטער זיינען געווען גוט פערהאנגען עס זאָל ניט ארייני־קוקען פון דרויסען דיא שוידערהאפטע שטילקייט פון „ריינעם־אָרט."

— נאָט זאָל אונז געבען — האט דיא ווירטהין געזאָגט צו איהר מאן — אז נעכסטען פסח זאלען מיר אבריכטען סדר וויא אלע מענשען ביי זיך אין דער היים ניט אויף א בית־עולם. עס שטעהט מיר שוין אין האלדז אזא פינסטערע פּרנסה צו זי סופעראינטענדענט פון א בית־הקברות.

— און איך זאָג דיר, ליזא האט דער מאן איהר געענטפערט — אז פיעלע זיינען אונז מקנא דיזען פּלאטץ. דיא טויטע קענען אונז גאָר ניט טהאָן. מיר האבען דא א פּרעכטיגע וואָהנונג פרייע בעלייכטונג, בעהייצונג און דערצו פאלט נאָך צו אמאָל א דאָלער אין דער זייט...... דוא ווייסט אז דער „מאונט גריזים סעמעטערי" איז א רייכער בית־עלמין. דאָ ליגען וועניג קבצנים.

איך וויים עס מארקוס האט זיא אונטערבראכען איהר מאן — עס איז אבער קיין פרעהליכעס ברויט, קיין לוסטיגער דאָלער, קיין — — —

מאדאם ליזא רעדעלהיים האָט קיין צייט געהאט צו ענדיגען איהרע ווער־טער ווען ט זיך געהערט אין טהיר א קלאָפּ.

— ווער קען דאָס יעצט זיין אזוי שפּעט בייא נאכט צום ערשטען סדר? קיין „אורח" וועט מען אונז מאָרגען ניט ברייגגען, און בפרט נאָך יעצט. זאָלען דאס זיין געסט? אזוי שפּעט!

מארקוס האט א ווײלע נעטראכט, און נאכדעם וויא ער האט נעפרעגט פון דער זייט טהיר ווער עס איז און האט א צופריעדענעם ענטפער בעקומען, האט ער נעעפענט דיא טהיר און אויסגעשריען מיט פרייד:

— העללאָ פריינדע! העללאָ מאררים, האררי און סעם! ווארום זיינט איהר ניט נעקומען א ווײלע פריהער צום סדר? נור עס שאדעט ניט — האט דער סופעראינטענדענט פון בית־עולם ווײטער פארטגעזעצט — מיר קענען אויך יעצט אראָבלאָזען א פּאָאר כוסות. איך האבע טאוננארישע וויין, איבער אונזער היי־מישען וויין איז ניטאָ.

— איהר האט אונז שוין ניט בעזוכט זייט פיער מאָנאט — האט זיך ליזא אריינגעמישט צו איהרע ביינאכטי.ע געסט — טאקע ניט שעהן, נור איך וויס אז איהר זיינט בעשעפטינט צו ענדיגען קאלעדש. נעהמט א ביסעל שליוואָוויץ, דאס קומט פון אוננארן.

— איהר ווייסט דאך מאדאם רעדעלהיים — האט האררי צונעשטימט — אז מיר דארפען אויסהאלטען עקזאמען מיט דרייא מאָנאט שפּעטער, און דיא צייט איז קורץ.

און דאן ווערסטו האבען א דיפּלאָמע אָנצופילען קברים, ניט אמת האררי? האָט בעמערקט לאבענדיג דער סופעראינטענדענט — ווערסטו מיר חאטש שיקען קאסטימער? וועל, לאמיר ניט ריידען ארום זאלכע זאכען. גוט וואס איהר זיי.ט נעקומען אלע דרייא צו גאסט יעצט.

— מיר זיינען יעצט ניט נעקומען צו גאסט, נור ביזנעס האט אונז אהער נעבראכט—האט האררי איהם איבערגעשלאָגען.

— ביזנעס פסח בייא נאכט?

— יא, ביזנעס—האבען איינגעשטימט דיא צווייא יונגע לייט וועלכע האבען ביז יעצט געשוויגען.

— איך וועל אייך שוין דערציילען פּאָרטגעזעצט—מען חאט היינט היער בע־ערדיגט א משונענעם יונגען מאן אויס רומעניען וואָס איז געשטאָרבען נעס־טערן אין דול־הויז איבערן וואסער. מיר דארפען דעם „בחור“ האבען צו אונזער שטודיום, און עס וועט בלייבען א סוד. נאטירליך, מיר פערלאנגען ניט אומזיסט......

אָבער ערשטענס, צו וואס דארפט איהר א משונענעם טויטען?—האט מארקוס נעפרעגט מיט א שמייכעל—איז א טויטער אליין וויינינ פאר אייך, אז ער מוז נאָך

יוד

יין מיטנע אייך? צווייטענס, וואס ברענגט דאָ בייא אייך גראדע צום טרשטען סדר? דער בר־מנן וועט ניט ענטלויפען.

הארריי האט זיך אָנגעגאָסען נאָך א גלאָז וויין, און נאכדעם וויא ער האט ארויסגענומען איינגע שטיקער פאפיר פון זיין בוזים־טאשע האט ער געזאָגט

— דער מויטער רומעניער אינטערעסירט אונז זעהר, ווייל ער בעלאנגט צו א קלאססע משוגעים פון וועלכע אונזער פראָפעסאָר ערקלעהרט אונז יעצט וועגען „דיא פאָזיציאָן פון דיא געהירן בייא א משוגענעם." עס איז א שווערע לעקציאָן, זעהר א שווערע לעקציאָן וואָס מיר מזען גוט פראקטיצירען, אבער מיר האבען ניט אויף וועמען. מיר זיינען געקומען בעטען דעם „בחור" יעצט צום סדר, ווייל יעצט איז דיא בעסטע צייט וואָס קיינער וועט אונז ניט שטערן. אגב איז דאך עפעס היינט דיא סדר־נאכט ווען מען לייענט קיין קריאת־שמע און מען דארף קיין מורא האבען פיר ניט־גוטע.

דיא לעצטע ווערטער האט הארריי געזאָגט לאכענדיג, און ער האט פעררויכט א צינאר.

— וויא איך זעה האט איהר דאָך מ רא—חאט מאדאם רעדעלהיים בעמערקט —ווייל איהר זיינט געקומען אין קאָמפאני, דרייא.

— דיא מלאכה וועט אבטאהן איינער—האט סעם איהר שנעל ערווידערט — הארריי וועט ארויסנעהמען דעם חת פון זיין הילצערנעם חאַלאט און וועט איהם אריינפאקען אין א זאק. איך מיט מיין פריינד מאָרים וועלען האלטען וואך אז דער נאכט וועכטער פון דרויסען זאָל קיין זאך מערקען. א קליינע לאנטערנעלע האבען מיר מיטגענומען, אבער א לאָפעטע מיט נאך עפעס אין אייזען מוזט איהר אונז געב

— איך וויל זיך גאָר ניט מישען—האט דער סופעראינטענדענט זיי געוואָרינט

— איך גיב אייך וואָס איהר בעט, איך וועל אייך געוויס ניט בעגלייטען, איך וועל אייך נאָר אזוי פיעל זאָגען, אז דער אורח ליעגט אויף דאָס שטיקעל נייע „קרקע" פון דער קאָנגרעגיישען „יצמח־פורקנא אנשי רומעניען" וואס האט נור 32 קברים אין דער ליניע. דער קבר וואָס איז אין א זייט אין דער לעצטער און דאָרט גענעצט דער דשענטילמען וועמען איהר דארפט אזוי נעהטהיג געהט טהום אייך וואָס איהר ווילט, אבער קריכט ניט אויף פרעמדע קברים! איהר קענט מיר

אונגלׂקליך מאכען, יעדער קבר איז בעצייכנעט מיט א ציפער. געהט צום קבר 32, אבער קיין אנדערן.

---

8טעס קאפיטעל.

## א מענש אָדער א רוח?

ויהי בחצי הלילה, עס איז שוין געוועזן ארום 12 אוהר אין דער נאכט ווען הארדי האט געהאלטען זיין לאנטערנעלע נעגען א פרישען זאמד בערגעל.

ער האט אוועקגעשטעלט דאס לאנטערנעלע אויף דער ערד, האט גענומען דיא לאפעטע אין האנד און האט געגעבען א שניט אין ווייכען בערגעלע ערד.

הארדי האט זיך גענומען פעסט צו דער ארבייט, און מיט פונפצעהן מינוטען שפעטער האט ער שוין געהאט אנגעהויפט גענוג ערד בייא דער זייט. ער האט געגראָבען ווייטער ביז ער וועט אָנטאפען מיט זיין לאָפעטע דיא ברעטער פון ארון.

ער האט געגראָבען ווייטער ביז ער האט געהערט וויא א שטיינדעל קייקעלט זיך אראָב צוריק און קלאפט זיך אָן אויף א ברעט.

— גוט! — האט ער אויסגעשריען — און ער האט גענומען אָבראמען דיא ערד פון דיא ברעטער פון ארון ביז עס האבען זיך ארויס געזעהן דיא שרייפלעך.

עס האט ניט לאנג געדויערט הארדי האט אָנגעפאנגען ארויס ציהען דיא שרייפלאך פון ארון אָבער ער האט פלוצלונג געגעבען א שפרונג צוריק, ווייל ער האט געהערט א קלאפ אין קבר.

— אָי! בין איך א חמור! — האט הארדי געזאָגט צו זיך אליין — דאָ האבען זיך געוויס ארייננעקייקעלט שטיינדלעך אויף א ברעט. ווען מיינע חברים וואָלטען

יעצט געזעהן וויא איך האב מורא, וואלטען זייא געלאכט אין דיא הויפענס מישטיינס געזאָגט וואס א טויטער קען שוין טאָהן! בפרט נאך א משוגענער טויטער!!!

בייא דיעזע ווערטער האט ער אָנגעהויבען אראָבנעהמען דיא ברעטער, אבער זיינע הענד זיינען פלוצלונג פערגליווערט געוואָרען. ער האָט געהערט וויא מען דרעהט זיך ארום ארון אין קבר הינטער דאס בערגעלע ערד וואס ער האט אויס־געגראָבען. מיט איין אויער האט ער זיך איינגעהערט א מין בעוועגונג, און זיין שרעק האט זיך פערדאָפעלט ווען ער האט דערזעהן וויא דער ארון איז ליידיג! הארדי האט אין גאנצען אראָבגערוקט דיא ברעטער פון ארון, אבער קיין טויטער איננווייניג!

— וואס בעדייטעט דיעזער לעדיגער קבר? — האט ער געפרעגט זיך אליין און האט קוים געקענט זיין אטהעם ציהען — האט מיר מארקוס אָפגעשפיעלט א שפיטצעל? אָדער האט — — —

וויא ער איז געשטאנען האלב פערשטיינערט און געקלעהרט, האט זיך אויפגעהויבען א מאן בלייך וויא א טויטער, דיא אויגען פערגלאָצט און געקליי־דעט אין ווייסען.

דער סטודענט האט מעהר ווייטער קיין צייט און קיין כח געהאט צו טראכטען, דען דיא שרעקליכע ערשיינונג אין תכריכים האט זיך געגעבען א לאָז צו איהם וויא א טיגער, האט איהם געחאפט פארן האלז און האט איהם געגע־בען א שליידער אין ארון, אז הארדי האט ניט געוואוסט פון וואנען עס איז איהם געקומען.

דער סטודענט איז געבליעבען ליגען איינינע מינוטען פערטומעלט אבער ער איז געקומען צו זיך און ער האט געפרעגט רוהיג:

— ווער איז דאָס א מענש אָדער א רוח?

— איך בין דיין לעצטער פריינד אויף דיעזע וועלט — האט דער פרעמדער געזאָגט — איך בין א חברא־קדישא שמש און איך בין געקומען ד"ר אבטאָהן דיין רעכט. דוא האסט מיר געמאכט א לאָך אין שטערן מיט דיין עקבויער, דוא גאונער! אָט לויפט בלוט, איך וועל דיר עס ניט שווייגען, דוא פאזאווינק.

אין דיעזען אויגענבליק איז דעם סטודענט אריינגעקומען אין געדאנק דיא שרעקליכע וואהרהייט אז דער משוגענער רומעניער איז וואהרשיינליך בעגראָבען געוואָרען לעבעדיגערהייט, און דיא בעאמטע פון דול הויז האבען דאָ געווים

ווידער געמאכט א שרעקליכען טעות. דער משוגענער איז געווים געפאלען אין היהנער-פלעט, און ער איז געקומען צו זיך אין קבר נאך דער קבורה.

דער בלאסער מאן אין תכריכים האט זיך ווידער געגעבען א לאז צום סטודענט און האט איהם געחאפט פארן לאטץ פון ראק.

— וואס ווילסט דוא טאהן מיט מיר? — האט הארריגעפרעגט ציטערנדיג און ער האט דערווייל זיך געראנגעלט וויא ער האט געקענט, וויא מען קען זיך ראנגלען מיט א געפטהרליכען משוגענעם אין א קבר.

— איך וועל פון דיר מאכען א גאלאטצער מאמע־לינע, דוא טירקישער דייטש — האט דער אונבעקאנטער געשריען און ה באלד צולאכט מיט אזא ווילדען געלעכטער אז יעדער חא-חא-חא האט דורכגעשניטען דיא זעעלע פון דעם פערטומעלטען סטודענט.

— אבער, זאג מיר וואס ווילסטו טהאן? — האט הארריווייטער געפרעגט אבשטויסענדיג דעם שווערן ארים פון זיין ווילדען אנגרייפער.

וויל דיך בעגראבען דא אויף מיין פלאטץ, דאס וואס דוא האסט מיר געטאהן. האסט מיר בעגראבען, יעצט וועל איך דיר אבטאהן דיא זעלבע טובה איך בין די ן חברא קדישא שמש און לאז דיך בעגראבען מיט גוטען, זאגסט וועל איך פריהער מאכען פון דיר א גראשניצע. דוא האסט מיך בעהאלטען אין דער ערד וויא אן אפיקומן, אבער איך וויל פון דיר מאכען א פלייש קניידעל, איך וועל דיר אויפעסען, הא‍אאם! איך בין אזוי הונגריג — האאאם! אפשר האסטו אין קאפעליטש א שטיקעל מצה, דוא צלם-קאפ? נו, קום שוין, דוא!

וויא דער אונגליקליכער סטודענט האט געפיהלט קען מען זיך לייכט פארשטעלען.

ער האט אנגעקוקט דיעזען משוגענעם וועלכער האט זיך איינגערעדט אז דער יונגער מאן איז אחער געקומען איהם בעגראבען לעבעדיג.

אומזיסט האט הארריזיך געבעטען בייא איהם אז ער, ווייסט ניט פון וואס צו זאגען, אז ער דער משוגענער, ליגט שוין דא בעגראבען א גאנצען טאג. דער אונגליקליכער האט איהם ניט געגלויבט, נור ער האט געקריצט מיט דיא צייהן און אויסגעשריען:

— דוא האסט מיר בעגראבען לעבעדיג, איך וועל דיר בעגראבען. עסען וויל איך דיר ניט, דוא ביסט חמץ.

אבער וויא דער סטודענט האט געזעהן אז ער האלט בייא דיא לעצטע

מינוטען פון זיין לעבען, האט ער זיך נעשמארקט, וויא אלע פערצווייפעלטע בייא דער לעצטער מינוט, ער האט נעגעבען דעם משוגענעם א גוטען בריק אין זייט וואס איהם האט היגנעשליידערט מיט'ן קאָפּ אראָפּ אין ארון, און ער איז ארויס־נעשפרונגען פון קבר זיך רעטען. אבער דער לעבעדיגער טויטער איז באלד נאכגעשפרונגען און האט איהם געחאפּט מיט אזא אימפּעט וויא א וואָלף א לעמעלע.

— איך וועל דיר יעצט ניט אָבלאָזען — האט דער משוגענער געברומט און אויך הארדי האט אנגעפאנגען שרייען מען זאָל איהם העלפען.

שריי היינט שריי מאָרגען, ניטאָ קיין הילף! דער מטורף האט דערווייל געשלעפּט אין זיינע ארים דעם בלאסען סטודענט ביז'ן קבר און ער האט איהם אריינגעשטופּט אינווייניג.

יעצט מענ איך זיך געזעגנען מיט דער וועלט—האט הארדי גשקרעכצט זיך זעטצענדיג אויפ'ן ארון אום זיך צו שטעלען — אפילו ניט קיין שלעכטער סדר!

דער אונערווארטעטער טויטען־גרעבער האט גענומען דיא לאָפּיטע און האט אָנגעפאנגען אנפילען לאנגזאם דעם קבר.

— יעצט בין איך פערלאָרען — האט הארדי ווידער געגעבען א זיפץ, וויא איינער ניבט אויף דעם קאמפף, אין דער צייט ווען דער משוגענער האט פון אויבען געשאָטען ערד מיט זיין לאָפּיטע זינגענדיג „חד גדיא, חד גדיא."

אָבער פּלוצלונג האט דער צומישטער טויטען־גרעבער אבגעהאלטען זיין אר־בייט און הארדי האט דערהערט לינענדיג אין קבר א גרויסען קאמפף פון אויבען ער האט באלד דערקענט דיא שטימען פון זיינע צווייא פריינדע און דיא ברומע־רייא פון משוגענעם. מיט צווייא מינוטען שפּעטער האט זיך געהערט וויא מען גראָבט ווידער מען נעהמט צוריק ארויס דיא איינינע לאָפּיטעס ערד פון קבר און אין זעלבען אוינענבליק האט געדונערט א שטימע פון אויבען.

— העלאָ הארדי, דאָס ביסטו?

— יאָ ליבער מאררים, יא סעם, ניכער, איך בין פערלאָרען.

— ביסט ניט פערלאָרען, העררי.

מאָררים און סעם האבען דיא ערשטע זאך היגנעשליידערט דעם ווילדען אָנרייפער וועלכער האָט זיך שטארק צו שלאגען אין א מצבה זיין קאָפּ וואָס

האט שוין געבלוטעט פון פריהער. ווען זיי האבען צוריק ארויסגענומען זייער קאַ־מעראַד, האבען זיי בעמערקט וויא דער משוגענער ליענט שוואך אויף דער ערד. זיי האבען אלע דרייא איהם ארויסגעטראָגען שטיל פון בית־עולם דורך א קליין טהירעל ביים זייט טהויער וואס דער סופּעראינטענדענט האט געלאָזען אָפען וויא עס איז געווען אָבגעמאכט.

---

9טעס קאפּיטעל.

# דער לעבעדיגער טויטער.

ווען דיא דרייא סטודענטען זיינען געווען פון יענער זייט פּארקאַן, האבען זיי דעם לעבעדיגען מת אוועקגעזעצט נעבען א בוים, כדי דיא ערשטע פּאָראיבערגעהער באנינען זאלען איהם זעהן און מעלדען דער פּאָליציי.

דיא דרייא אידיישע סטודענטען זיינען פערשוואונדען.

עס איז געווען אויף מאָרגען, ערשטער טאָג פּסח נאָך מיטאג, ווען ניוס־באָי׳ס האבען געשריען א מערקווירדיגע „עקסטרא״ פון אן ענגלישע נאכמיטאג בלאט. דיא צייטונג האט מיט גאנץ גרויסע בוכשטאבען געגעבען דיא פאלגענדע טיטלען פון א שטיק נייעס:

„עקסטרא! דער לעבעדיגער טויטער!“

„גרעסטע געהיימניס פון א משוגענעם וועלכער איז גע־שטאָרבען, און אויף מאָרגען נאכדעם וויא מען האט איהם בעגראָבען, האט א מילך-מאן איהם געפונען גאנץ פריה זיטצען נעבען א בוים גריזענדיג דיא קאָרע.“

„דער קבר וואָס האט ארויסגעגעבען דעם טויטען, וויל ניט ארויסגעבען דעם סוד.“

דיא צייטונג האט דער נאך דערציילט מיט אלע איינצעלהייטען וויא אזוי דער מילך־מאן האט גאנץ פריה געזעהן זיטצען נעבען בוים א מאן נעקליידעט אין ווייסען. ער האט געמעלדעט דער פּאָליציי, און א פּאטראָל־וואָגען האט דעם לעבעדיגע בר־מנן אָבגעפיהרט אין סטיישען־הויז. דאָרט האט מען אויסגעפונען אז דער מאן איז מיט צוויא טעג צוריק געשטארבען אין דול הויז און מען האט איהם אויף מאָרגען בעגראָבען. דיא נייעס האָט זיך געענדיגט מיט דיעזע ווערטער: „וויא אזוי דיעזער משוגענער איז צוריק ארויס אויף דער וועלט צום דריי־טען טאָג, דאָס איז א פראגע וואס פערטומעלט יעצט דיא בעאמטע פון דול־הויז און פון בית־עולם. דער אונגליקליכער אליין דערציילט עפּעס, אבער מען קען איהם ניט פערשטעהן. ער ווייזט נור אויף א מיעפע וואונד וואס ער האט אין זיין שטערן. דיא פּאָליציי און דער קאראנער מאכען יעצט א שטרענגע אונ־טערזוכונג ווענען דיעזען מערקווירדיגען רעטענעס וואס לאָזט זיך ניט אויף קיין ארט עעקלעהרן.“

נאכדעם וויא דיא צייטונג האט בעשריעבען אלע איינצעלהייטען לויט וויא איהרע רעפּאָרטערס האבען אויסגעפונען, האט זיא דיא פאָלגענדע בעמערקונג געמאכט:

„דאס אינטערעסאנטעסטע איז וואָס מען האט אונטערזוכט און געפונען אז דער נאמען פון משוגענעם איז פיליפּ קרויזקאָפּף וועלכער איז שוין צום צווייטען מאָל ענטלאָפען לעבעדיג פון קבר. דאס ערשטע מאָל איז געשעהן מיט א צוויי יאהר צוריק ווען זיין קריסטליכע ווייב האט פון איהם אויסגעשווינדעלט א גרויסע סומע געלד און איז ענטלאָפען מיט א דאָקטאר. דער אונגליקליכער אידישער מאן האט געקעמפּפט אום צו בעווייזען אז ער איז ניט געשטאָרבען אָבער ער האט גע־האט געגען זיך צו פיעל געגנער, און ער איז געבליעבען געזעטצליך טוֹיט. וויא מיר האבען ערפאהרען איז פיליפּ קרויזקאָפּף געוועזן אין קובא, און פון גרויס ערגערנעס איז ער דאָרט אראָב פון זינען.“

דער אונגליקליכער פיליפּ קרויזקאָפּף איז א צייט געלעגען אין האָספּיטאל וואן ער איז פאָקקאָמען געזונד געוואָרען פון זיינע וואונדען און אויך פון זיין משוגאת. מאדאס קרויזקאָפּף איז אוי געריהרט געוואָרען פון מיטלייד ווען זיא האט איז ערפאהרען פון איהר מאן'ס אונגליקען, אז זיא האט אוועקגעוואָרפען איהר געליבטען און זיא האט ווידער געוואָלט שלום מאכען מיט איהם.

אבער פיליפ קרויזקאָפף וויל מעהר ניט וויסען פון דיא פאלשע פרוי וועלכע האט געבראכט אויף זיין קאָפּ אזא בארג אונגליקען.

קרויזקאָפף איז יעצט אין נויאָרק אונטער איין אנדער נאָמען. ער מאכט א שעהנעם לעבען פון א גרויסע לעבענס פערזיכערונג קאָמפּאני וואו ער איז סופּער־אינטענדענט. זיין גרעססטער פערגניגען איז צו געהן יעדען טאג באקוקען דעם באנק אין באטטערי פּארק וואו ער איז געקוממען צו זיך פון היהנער־פּלעט. איין מאָל א וואָך געהט ער אויך באקוקען זיין קבר פון וואנען דיא סטודענטען זיינען איהם געקומען ארויסגראָבען,

דאס שעהנסטע איז וואס קרויזקאָפף האט פערזיכערט דאס לעבען פון דיא סטודענטען וועלכע זיינען געקוממען רויבען זיין טויטען קערפּער.

אָפטמאל ווען קרויזקאָפף פאנגט אן צו טראכטען וועגען זיין שוידערהאפ־טע טראגעדיע, מורמעלט ער? צו זיך אליין:

— נאָך אלעמען וויים איך ניט אויב איך בין איך.

ענדע.



# שרייבען אידיש

## ליטעראַרישע בריעפע

געשריעבען אין זשאַרגאָן צו זיינע פריינדע און בעקאַנטע

— פון פּראָפ. —


## ג. זעליקאָוויץ.



געקליעבען און צוזאַממענגעשטעלט פון פערלעגער,

יהודא קאַצענעלענבּאָגען,

66 קאַנאַל סטריט, נויאָרק.

תרס"א.

# א פאר ווערטער פון פובלישער.

דיא פאָלגענדע ליטעראַרישע בריעפע, געשריעבען אין אונזער מאַמע-לשון פון פראָפ. ג. זעליקאוויץ (דער ליטווישער פילאָזאָף), האב איך צוזאַממענגעשטעלט היער מיט אַ דאָפּעלטען צוועק. ערשטענס צו געבען דעם אידישען פובליקום אַ מוסטער פון שעהן שרייבען אין אונזער יעטצטיגע מוטער-שפּראַך, און צווייטענס, ווייל נאך מיין מיינונג ענטהאַלטען דיעזע בריעפע וואַהרע ברילליאַנטענע געדאַנקען, פילאָזאָפישע פונקען און לעבעדיגע פערל.

זאָלל דער לעזער זעהן וויא שעהן אונזער שפּראַך איז געוואָרען.

אכטונגספאָלל,

יהודא קאצענעלענבאגען.

נויארק, ערב סכות, תרס"א.

# אונזער מאמע - לשון.

ווערהטהער פריינד דר. ר..... איהר פרעגט מיר ווארום איך זוך ניט צו פערפיינערן דיא אידישע שפראך מיט מעהר דייטשע ווערטער, און איהר בעט איין ענטפער אין ענגליש אדער העברעאיש. איך וועל אייך אבער ענטפערן אין דער שפראך אין וועלכע שרייב דיא לעצטע 12 יאהר זייט איך רעדאקטיר אי־דישע צייטונגען אין אמעריקא — איך שרייב צו אייך אין מאמע־לשון, און איך וועל אייך זאגען פארוואס:

דיא אייבינע מלחמה צווישען קמץ און פתח, האט גענומען איין ענדע. דער פתח האט ארויס געשטעלט א ווייסע פאהן און דער קמץ האט געזיעגט!

זייט עס האט זיך אנגעפאנגען דיא א דישע איינוואנדערונג אין אמעריקא האבען אונזערע דייטשע ברידער ערקלעהרט קריעג דעם קמץ: זיי האבען עפענט־ליך פראקלאמירט אז עס איז א שאנדע צו ריידען זשארגאן, עס איז א שאנדע צו פריירינגען זשאר אן, עס איז א שאנדע צו שרייבען זשארגאן און עס איז דיא גרעסטע שאנדע צו בילדען דאס פאלק דורך א שפראך וועלכע זאגט „וואס" אנשטאט „וואס," עס איז איין אונגליק פאר יודענטהום אז מיר זאלען אוועק־זעטצען אויפ'ן טהראן פון בילדונג דעם אונפערשעהמטען קמץ!

דיעזע „דייטשע" אידען וועלכע האבען פערלאנגט אז יעדער יוד וועלכער קומט אהער אריבער פון רוסלאנד זאל שוין ר ידען און לעזען ענגליש אדער דייטש —דיעזע יהודים האבען אבער פערגעסען אז מען קען זאגען אין שרייבען דיא גרעס־טע חכמות מיט „דאס" און „וואס", פונקט וויא מען קען זאגען און שרייבען דיא גרעסט נארישקייט מיט „דאס" און „וואס" דיא דייטשע חכמים האבען פערגעסען אז מען קען בילדען א מענשען נור אין דיא מוטערשפראך וועלכע ער פערשטעהט, וועניגסטענסס ביז איהר לערנט איהם אויס דורך זיין מאמע־לשון אנדערע שפראכען. זיי האבען איבערהויפט אין גאנצען פערגעסען דיא פילאזאפישע וו תרהייט אז א שפראך איז ניט מעהר וויא א מאנטעל אין וועלכע מען וויקעלט איין א געדאנק, און דיא שפראך אליין שפיעלט קיין ראללע פאר'ן גרויס ן

ריינקער. ווע דער גרויסער איוב וואלט געשריעבען זיין אונשטערבליכע פאעמע אין זוכרשפראך, ווען דער פרינץ פון אללע רעדנער דער וועלט, ישעיה, וואלט געפרע־דיגט אין האטענטאטען־שפראך, און ווע דער פאעט פון אללע פאעטע, ווילליאם שעקספיר וואלט אויסגעגאסען זיינע לעבעדיגע פערל אין ליטוועש, וואלטען דיזע מייסטערווערק געווען אזוי שעהן וויא זיי זיינען אין העברעאיש און ענגליש. וואס אללע האט צו טהאן דיא שפראך צו דיא געפלינעלטע געדאנקען פון דעם יענינען וועלכער סודעט זיך מיט מלאכים אדער מיט'ן תהום?

אבער דער דייטשער פתח האט ניט געוואלט וויסען פון דיזע אלע ארגומענ־טען, און ער האט געהאלטען אין איין באמבארדירען דעם קמץ! און וואס האט געטאהן דער קמץ דיא גאנצע צייט? ער האט פארטגעזעצט זיין ערהאבענע שליחות גאנץ רוהיג: האט געבילדעט דעם רוסישען אידען דורך זשארגאנישע צייטונגען, דורך דיא זשארגאנישע ביהנע, דורך זשארגאנישע ביכער און דורך רעדנער אין ריין זשארגאן ביז דער קמץ האט געזיעגט איבעראל מיט גלאנץ.

יא, ווען מיר ווילען ריידען צו אונזערע ברידער, מוזען מיר עס טאהן אין דער שפראכע אין וועלכע ער האט צום ערשטען מאל געזאגט „מאמע,“ אין דער שפראכע אין וועלכע מען האט איהם צום עשטען מאל געגעבען א לעקציאן וויא צו שטעהען אויף זיינע קינדישע פיסעלאך, אין דער שפראכע אין וועל־כע ער האט צום ערשטען מאל געלאכט און געוויינט, אין דער שפראכע אין וועלכע ער האט געלערנט האנדלען, וואנדלען, קעמפפען, לעבען און ליעבען!

דער פתח האט ארויסגעשטעלט זיין ווייסע פאהן, דער קמץ בעגריסט איהם מיט רעספעקט!



# קליינע מיינונגען פון גרויסע לייט.

טהייערער פריינד, מ. ר. באסטאָן.

יא, איהר האט רעכט וואס איהר האט אין אייער לעצטע רעדע ביי דעם „כרם - ישראל“ זיך אויסגעדריקט אז יעדער מענש אין זיין פאך איז א גרויסער מאָן.

אויב ער איז גרויס אין טאלענט אדער אין עהרליכקייט, אין ליעבע אדער אין רחמנות, אין פריינדשאפט אדער אין לוסטיגקייט — איז ער א גרויסער מאן! אפילו וועו זיין גרויסקייט בעשטעהט נור דארין וואס ער קען בעוואונדערן א שעה־נעס בילד אויפ'ן וואנד, א גוטען ארטיקעל אין בלאט אדיער א זיסע מעלאדיע אין טהעאטער—איז ער אויך א גרויסער מאן. דיא גרויסארטיגע מעלות וואס מאכען דעם מענשען גרוס, קען מען זעהן זעהר זעלטען, און דיא ווירקליכע גדלות פון מענשען שטעהט איהם ניעמאלס אנגעשריעבען אויפ'ן פנים.

זעהט איהר דארט בייא א טיש אייניגע מענשען זיטצען און אונטערהאלטען זיך? פלוצלונג האט זיך איינער פון זיי פערטראכט און שוויינט. עס איז זעהר מעגליך אז דורך זיין שטיל שווייגען פיהרט ער יעצט דורך א גרויסע העלדענ־טהאט נאכדעם וויא ער האט ביטטער געקעמפפט מיט פערשטאנד געגען לייד־דענשאפט! עס איז מעגליך אז דורך זיין שטילשווייגען פיהרט ער יעצט דורך א היילינגען פלאן פון וועלכען ער ווייסט אז ער וועט ליידען, אבי דיא מענשהייט זאל דערפון געניסען. איז עפעס געשטאנען פיעל אנגעשריעבען דעם גרויסען זאָלא אויפ'ן געזיכט יענע ווילע ווען ער האט זיך בעדאכט צו מאכען א געוואלט ווע־גען דרייפוס, ווען עס איז ביי איהם געבליעבען מקריב צו זיין אויפ'ן מזבח פון וואהרהייט זיין צוקונפט און אפשר אויך זיין נפש?

דיא וואהרע גרויסקייט פון מענשען ליגט אלזא אין זיין כאראקטער אדער אין זיין נאטור, און דאס באגעגענט איהר אין פאבריק פונקט וויא אין א אוניווערזיטעט

יא, דער ארבייטער וואס קען קוים דורכלעזען צווייא שורות פון א

בוך אין זיין אייגענע מוטער - שפּראך, איז אָפּטמאל א פיעל גרע-
סערער מאן פיר דעם פערפאסער וואס האט אנגעשריעבען דעם
בוך!

עס איז אלזאָ דער גרעסטער אונזין צו זאָגען אז נור דער גרויסער מאן מעג זאגען אדער טהאן דיעזעס, וויא מען הערט זעהר אפט. מיר אידען טרייבען ליידער דיעזען פעהלער אזוי ווייט אז אויף יעדען טריט זוכען מיר „אויטאָריטעטען" דאס הייסט: מיר פערגעטערן אלע פערקריפּעלטע געדאנקען וויא באלד זיי שטאמען פון א „גרויסען מאן," און מיר ווארפען בלאטע אויף דיא בעסטע וואהרהייטען וואס זיינען אויסגעשפּראכען פון איין עהרליכען מאן. מיר געפינען אָפט דעם בעסטען ארגומענט אין בשלומא ער מעג, ווייל ער איז א גרויסער מאן.

יעדער מענש אין זיין פאך איז א גרויסער מאן, און דאָס נאטירליכע ליכט פון אונזער פערשטאנד דארף אונז אימער פיעל ליעבער זיין פאר דיא געקינצעלטע שטראהלען פון יענעם'ס גרויסקייט. ווער פון אונז האָט שוין ניט בעגעגנט אין זיין לעבען „גרויסע לייט" וועלכע בעזיטצען אייניגע שפּראך וועלכע זיינען אנגעשטאָפּט מיט וויסענשאפט, און האבען דאך א קרומען שכל? אויף פערקעהרט, וויפיעל לייט זעהען מיר טעגליך וועלכע האבען גאָר קיין בילדונג גענאָסען, וועלכע מאכען המוציא איבער א רעטאך און בורא מיני מזונות איבער א דונער און עס איז דאָך א פערגניגען צו הערען וויא שעהן זיי דיינקען, וויא ריכטיג זייא ריידען! מיט דעם געבילדעטען „גרויסען מאן" קענט איהר אפט זיך ניט צוזאמען ריידען, און פון דעם קלוגען עקספּרעססמאן קלייבט איהר נחת. איברינגענס, וואָס איז דער וואונדער? בילדונג קען נור פערשעהנערן דעם מענשען'ס פערשטאנד, אבער ניט פאבריצירען א פערשטאנד בייא דעם יעניגען וואס האט עס ניט!

בשלומא ער מעג — האלט! ווער איז דער ער? כלנו חכמים! יעדער מענש איז א גדול אין זיין פאך, זאָגאר ווען ער האט ניט שטודירט דיא שווארצע פינטעלעך. אזא מאן בעדיענט זיך מיט דיא געקינצעלטע שטראהלען פון וויסענשאפט, נור מיט זיין אייגענעם נאטירליכען פערשטאנד, און זיין מיינונג האט דארום אָפט מעהר געוויכט פאר דיא מיינונג פון א פּראָפעסאר וועלכער קנייצט

זיין שטערן. דיא נאטירליכע שטראהלען פון דער זון האבען אימער מעהר גלאנץ ווי דיא שעהנע שטראהלען וואס קומען פון דיא עלעקטרישע קראפט.

בשכומא ער—עס איז גיטאָ ייִן ע״ר, ר׳ קרוב! מיר זינגען אלע „ערס" יעדער אין זיין פאך, און עס איז דער גרעסטער אונגליק וואס מיר קניען זיך פיר קליינע מיינונגען פון גרויסע לייט!

---

## וואס דיא וויסענשאפט ווייסט ניט.

---

ליעבער ברודער בערנארד זעליקאָוויץ, פאריז פראנקרייך.

וויא איך זעה ליעבער ברודער, האסטו נאך אימער דיא זעלבע בלינדע אמונה אין אלעס וואָס טראָגט דעם זיגעל וויסענשאפט און דוא האלסט אין איין ווארטען, פונקט וויא א גוטער איד אויף משיח; ווען דיא נאטור וועט אויסזאָגען פון חדר, און מיר וועלן פערשטעהן אלע סודות.

אין דיא אור־אלטע צייטען, האט דער מענש געקוקט אויף נאטור מיט איבערנאטירליכען בליק. ער האט ערקלעהרט אלעס דורך וואונדער און זיין פאנטאזיע האט נעוואונדערט כסדר אין וואונדערלאנד. דער מענש האט זיך דאן פאָרגעשטעלט אז דיא שטערן וואנדערן אין הימעל אָהן א צוועק, דיא פייגעלאך קומען ארויס אנפאנג זומער פון איין אונבעקאנטע געגענד וואו זייא פערשווינדען צוריק אָנפאנג ווינטער, דער שטראם, דער ווינד, דער דונער, דער בליץ, דיא שפיטצען בערג וואס פערלירען זיך אין דיא וואָלקענס—מיט איין וואָרט דיא גאנצע דעקאָראציאָן פון נאטור איז דאן ערקלעהרט געווארען אויף אזא קינדישע ארט אז מיר לעזען עס היינט מיט א שמייכעל.

אָבער וואס בעטייט אונזער שמייכעל? זיינען מיר דען אזוי פיעל ווייטער געגאנגען אין אונזער בעקאַנטשאפט מיט נאטור און לעבען? ווייסען מיר ווירקליך א סך מעהר וויפיעל אונזערע זיידעס האבען געוואוסט? ניין, דער גרויסער רעטעניש פון לעבען איז נאך אלץ פאר אונז א פערזיגעלטער בוך וואס מיר קענען ניט לעזען, און דער בוזים פון נאטור איז נאך יעצט פאר אונז אזא פערבאָרגענער

חדר פונקט וויא מיט טויזענדע יאהר צוריק, דען ווען מיר קומען צום גרויסען „וויא אזוי" וויסען מיר היינט ניט מעהר וויא א מאָל, און דער ענטפער שטארבט אויף אונזערע ליפּען.

איהר הייסט אונז פרעגען דיא נאַטירליכע וויסענשאַפט. א דאַנק אייך פיר אייער ראַטה, אבער וואָס דערציילט אונז דיעזע וויסענשאַפט? זיא האט אונז ווירקליך אויסגעלערנט זעהר פיעל, וויא מיר זאלען יך קענען באדינען צו אונזער טעגליכען לעבען מיט דיא קראַפט פון נאַטור. אָבער, וואו איז דאס ווינקעלע פון דיעזע קראַפט? פון וואנען איז זיא געמאַכט? מיר ווייסען עס ניט! נאָך מעהר אונזער בלינדע אונוויסענהייט נעהט אזוי ווייט אז מיר ווילען זיך אליין „פּעררייי־דען דיא צייהן" מיט דעם וואָרט „וויסענשאַפט" און שמועס'ן זיך איין אז מיר בעגרייפען דאָס וואָס איז אונבעגרייפליך! אכט מענשען פון צעהן האבען קיין בע־גריף פון מעכאַניזם פון טעלעגראַף, אבער פּראָבירט זייא פרעגען וויא אזוי ניויאָרק מיט סאַן־פראַנציסקאָ ריידען זיך צוזאמען אין א פּאָאָר מינוטען, וועלען זייא אויסשיסען מיט א געלעכטער „עלעקטריק" „מאַגנעט" „טעלעגראַף" „וויסענ־שאַפט" און נאָך זאלכע ווערטער. דאָס זעלבע איז מיט דעם גרויסען רעטענעס פון לעבען. ווען איהר פרעגט עפּעס דאס וואס איהר ווייסט ניט און וואס קיין שום פילאָזאָף ווייסט, בייזערט מען זיך אויף אייך אדער מען בעדויערט אייער אונוויסענהייט. בייזערט איהר זיך צוריק, און פרעגט דעם פילאָזאָף וואָס ווייסט ער מעהר פאר אייך? וואס איז „גראַוויטאַציאָן" אויב ניט א נאָמען פון א גע־היימניס? קען אייך דער גרעסטער פילאָזאָף ערקלעהרן וואס איז ליכטיגקייט, היטץ און אלעס וואָס רינגעלט איהם ארום?

אמת, מיר מאַכען עלעקטריציטעט און שמידען איהר אין אונזערע רעדער מיר זאלען קענען פאהרען אָהן פערד און אהן דאַמפּף. אבער וואס איז עלעקטריצי־טעט? וואס איז דער סוד פון איהר קראַפט? מיר קענען אזוי געבען איין ענטפער דארויף פונקט וויא מיר קענען געבען איין ענטפער ווארום אונזער הערץ קלאַפּט אדער ווארום מיר קרימען זיך ווען יענער זופּט עסיג.

דיא צרה איז מיט אונז וואס מיר שעהמען זיך אויסצוזאָגען וויא ווייניג מיר ווייסען דיא סודות פון נאַטור. דאכט זיך אָט אָט אָט מען ווייסט שוין דיעזעס אדער דאָס. צום סוף לאָזט זיך אויס א בוידים. פּיטהאגאָראַס אין זיין צייט האָט געמיינט אז ער הערט וויא דיא שטערן זינגען. דיא אסטראָנאָמען פון היינט הא־בען זיך איינגעבילדעט אז זיי זעהן וויא דיא איינוואָהנער פון דיא פּלאַנעטען

שפיעלען אין קאָרטען אָדער וויא איין אשת־איש פון פלאנעט מארס ענטלויפט מיט א פרינץ פון דער לבנה. מיר האלטען אין איין אויסגעפינען און ווען עס קומט צו דער ערפינדונג, שטעהען מיר נאך ווייט פון נאטורס טעמפעל פונקט וויא דיא פערגאנגענע דורות.

אבער ווען וועט דער מענש ווירקליך בעקאנט ווערן מיט דאס לעבען? ווען וועט געבאָרן ווערן דער ערשטער נאטור־פאָרשער וועלכער וועט זיך קענען ריהמען אז ער האט ווירקליך אויסגעפונע וויא צו לעזען דאס בוך פון לעבען?

דיא וויסענשאפט איז א זאך מיט וועלכע דער מענש קען ווירקליך שטאָלצירען, דיא וויסענשאפט איז מאעסטעטיש און זיא ציעלט אויך. אבער דיא זעלבע נאָבעלע וויסענשאפט האט קיין רעכט צו ערקלעהרן זאכען וואָס זיא אליין פערשטעהט פאָלויפיג נים.

---

# מוזיק און קאטצען-יאמער.

---

פראפעסאָר דער מוזיק מ. נ...... נויאָרק.

איהר פרעגט מיר ווארום איך האב דיא לעצטע צייט אנגעפאנגען א קאמפף געגען מאנכע פיאנאָ־לעהרער פון אידישען קווארטאל. אזוי וויא איך קען אייך פיר א וואהרען טאלענטפאלען מוזיקער, וועל איך עס ערקלעהרן ווארום איך האב געמאכט אזא „געוואלט אויף נאָטען" וויא איהר רופט עס.

עס איז א פאקט אז אין דיא טענמענט הייזער אין אידישען קווארטאל איז כמעט ניטאָ א וואהנונג וואס זאל ניט האבען א פיאנאָ, און אין קיין פלאטץ ווערט דיא אָרימע פיאנאָ אזוי געמארטערט און געפייניגט וויא אין דיעזע אידישע געגענד וואו יעדער איינער קיטצעלט אָדער קולאקעט דיא פיאנאָ אָהן רחמנות. וואס זאָל דיא פיאנאָ טאָהן? זיא קען נור ענטפערן מיט א ברום אָדער מיט א קרעכץ, דען דיא פיאנאָ איז וויא דיא פעדער: עס ווענדט זיך ווער דער שרייבער איז וועלכער האלט דיא פעדער אין האנד: ווען א פערזאָן מיט טאלענט און געפיהל זעצט זיך נעבען פיאנאָ, דאן גיבט דיעזער אינסטרומענט ארויס א שטראָם

מעלאָדיע און זיסע קנייצען, פונקט וויא מען וואָלט ארויפשיטען א הויפען פערל אויף א גאָלדענע הארפע. אבער ווען עס זעצט זיך אוועק געבען אינסטרומענט א פערזאָן אָהן געפיהל און אהן טאלענט, דאן הערען מיר בלויז וויא מען בוכצעט אויף נאָגען, און אנשטאט מוזיק הערען מיר א מין טרא־לא־לא וואס קען אי־בערשרעקען אפילו א קאטץ!

דיא ווייסע ציינער פון פיאנאָ קענען נור דאן ריידען א שעהנע שפראך ווען איהר גיסט אריין אין זיי א טהייל פון אייער זעעלע.

ווען דיא ארבייט פון טאָג איז אָבגעטאָהן, איידער מען געהט אנציינדען דיא גאז, און איהר קוקט דורכן פענסטער וויא עס ווערט נאכט, דאן איז געבענטשט דיא פערזאן וואָס געהט צו צום פיאנאָ און פערוואנדעלט דיעזע אבענד שטונדע אין פּאָעזיע, אויב דיא פערזאָן שפּיעלט דיא טיעפע נאכט געדאנקען פון שאָפּין; דיא האָניג־זיסע ליעדער פון שוהמאן, דיא אָריענטאלישע זיפצען פון רובינשטיין דיא פילאָזאָפישע שירים אָהן ווערטער פון מענדעלסזאָהן, דיא געפליגעלטע רעיונות פון בעעטהאָווען, אָדער זאָגאר אפילו ווען דאָס איז א אידישע מעלאָדיע דורכ־געוועבט מיט סקארבאָווע פעדים און מיט עכט אידישע שטיינער. אָט זאָלכע מוזיק, ווען מען שפּיעלט עס מיט געפיהל, מאכט רייך דיא געדאנקען פון דעם וואָס הערט עס און זעצט ארויף פליגלען אויף זיין איינבילדונג. נור וועה צו דעם צו־הערער, ווען דיא פערזאָן וואס זיצט ביים פיאנאָ האט א פאָלען קאָפּ מיט נאָ־טען, אָבער בייא וועמען דער אויער איז פערקלעפּט מיט מאָך, א פערזאָן וואָס האט א זעהר שוואכען געפיהל און זעהר שטארקע פינגער צו פויקען, דיא פיא־נאָ מאכט דאן אויף'ן צוהערער אזא שלעכטע ווירקונג אז ער ווערט זעהער אָפּט א ביטערער פיינד פון מוזיק, און ער פערדאמט דיא גאנצע פילאָזאָפיע אין מענער.

דיא גמרה דערציילט (אין סנהדרין) אז ווען איינער ערקלעהרט ניט ריכטיג א פסוק פון דער תורה, דאן פערקליידעט זיך דיא תורה אין טרויער און שרייט אויס „רבש״ע, עשוני בניך ככנור שמנגנים בו לצים.“ „אך גאָט! זעה וואָס דיינע קינדער האבען פון מיר געמאכט, איך זעה אויס אין זייערע הענד וויא א מוזיקאלישער אינסטרומענט אויף וועלכען אלץ גיבט אב קאנצערט.“ וויא ריכטיג דער משל איז! ווען אימיצער נעהמט א מעלאָדיע און פערסריפּעלט עס אונטער ליימענע פינגער, פערטרייבט פון אייך דעם געשמאק צו ריינע מוזיק, און ווען איינער נעהמט א שעהנעם פסוק פון תנ״ך און מאכט עס פיר א קאליקע אום

צו זאָגען א פשט׳ל, דאן פערדונקעלט ער דיא שטראַלען פון גאָטעס אלבום, דיא תורה, און זיא האט ווירקליך וואָס צו טרויערן.

נאטירליך מיר מיינען יעצט דיא זאָגענאנטע קאָנצערט געבער וועלכע ווילען אונז אמוזירען מיט זייער קונסט וואָס זיי האבען ניט. מיר האבען אָבער חלילה קיינע פרעטענזיעס צו קינדער אָדער ערוואקסענע פערזאָנען וועלכע פראקטיצירען זייערע פינגער אויף׳ן אינסטרומענט און וועלכע זיינען אפט געצוואונגען צו ווייזען וואס זיי קענען, אויף׳ן פערלאנג פון עלטערן אָדער פריינדע. מיר ריידען יעצט פון דיא זאָגענאנטע פראפעסיאָנעלע וועלכע „קענען שוין" אפקלאפען דיא „אוהו הו־הו פאָלקא," דעם „מארש פון דער בלינדע קוה" „דער חסידל אין פאנ־טאָפעל" אָדער א ליעד פון א ניענער מיט רויטע האָאר וואס עסט חלה מיט פיקעל.

אין הונדערטער הייזער איז מען איינגעוואָהנט צו „שפּיעלען" דיא פינסטערע שטאָף פון יאלעווע אמעריקאנישע קאָמפּאָניסטען וועלכע האבען קיין מוזיקאלישע ערציהונג גענאָסען און האבען אויך קיין נאטירליכע בעגייסטערונג. זייא ליפערן „מוזיק" אויף׳ן געוויכט, און דיא זאָגענאנטע אידישע „לעהרער" אויף דער איסט סייד רעקאָמאנדירן צו קויפען דיעזע מוזיק, ווייל זיי אליין פערשטעהען ניט עטוואס בעסערס. אזוי האט זיך אויפגעהאָדעוועט אין ניו יאָרק א דור מוזיקאנטען וועלכע פויקען טאָג און נאכט אויף דיא ארימע פּיאנאָ וואס בעט זיך רחמים. יעדע שפּילערקע באראבאנעט פונקט וויא זיא וואלט געהאט פּיער פויסטען, און העלפט נאך אונטער מיט דיא מאָרדע און מיט׳ן פּאטילניצע.

מיר האבען אייך געפרעגט באלד אין אנפאנג: וואס איהר שפּיעלט.

פרעגט אייערע שכנים וועלכע זיינען געבאך פעראורטהיילט צו הערן דיא שוי־דערהאפטע „שטיקער" וואס מען רופט מוזיק.

# ציוניזם אונזער לעצטער שפרונג?

---

לכבוד ידידי הדרשון המפואר והנודע בכל שערי ישראל כבוד ר' צה"ם.

ידידי, עס פרעהט מיך וואס איך האב יעצט דיא נעלענענהייט, אויף אייער פערלאנגג, אייך צו נעבען מיין מיינונג וועגען ציוניזם.

זאָגט מיר, געדיינקט איהר, ווען איהר זיינט געוועזן א „פארשוין"?

מיר מיינען יענע צייטען אין רוסלאנד ווען מיר פלעגען זיך געזעגנען צווייא טעג כסדר מיט אללע קרובים איידער מיר פלעגען דארפען מאכען א נסיעה פון צעהן אָדער צוועלף מייל אין א בויד! דער בעל־עגלה פלעגט אננעהמען וויפיעל „פארשוין" ער האט נור געקענט, און זיי אריינקוועטשען אין זיין טענמענט־קאַרעטע. אָבער פלוצלונג, אין רעכטען מיט'ן בלאָטע, פלעגט דער טדעלער בעל־עגלה געבען א בעפעהל זיינע פארשוינען זיי זאָלען מוחל זיין ארויסקריכען פון בויד און העלפען אונטערשטופען דיא רעדער. עס איז בארג ארויף!

געדיינקט איהר „פארשוין," וויא איהר פלעגט אונטערשטופען דיא בויד איהר פלעגט שטופען איינינע מינוטען כסדר, זיך פערוהען איינינע מינוטען צו חאפען פרישע לופט אין אייערע לונגען, וויעדער שטופען און זיך וויעדער פעררוהען אום וויעדער צו שעפען פרישע קרעפטע אום צו דערגרייכען מיט דער בויד דעם בארג־ארויף.

דיא בויד איז דיא ערשטע פילאָזאָפישע לעקציאָן פארין מענשען אז יעדע שווערע ארבייט פערלאנגט נאכהער רוה אום ער זאל קענען וויעדער ארבייטען וועלכער מענש ארבייט ניט היינטינע צייטען בארג־ארויף? אויב דאס איז האנד ארבייט אָדער קאָפּ־ארבייט. דער קאמפף איז היינטינע צייטען פיעל שווערער וויא א מאָל. מיר מוזען אלזאָ פון צייט צו צייט זיך פעררוהען, נעבען איינינע ציהען מיט'ן אָטהים אום צו געווינען פרישע קרעפטען און דאן קענען מיר וויעדער געבען א שטופ דיא בויד פון אונזער לעבען.

ארבייט איז מלחמה, רוהע איז פריעדען, ווען איהר האט א צייט געשטופט דיא בויד, מוזט איהר זיך אָבשטעלען, גאָרניט טהאָן און אנזאמלען פרישע קרעפטען צו קענען שטופען ווייטער.

מיט פעלקער און נציאָנען איז דיא זעלבע זאך, דען וואס איז דער חילק צווישען איין מענשען און א גאנצע נאציאָן? ביאָגראפיע איז דיא היסטאָריע פון פון א מענשען, און היסטאָריע איז דיא ביאָגראפיע פון א נאציאָן. יאָ, אויך א פאָלק, פונקט וויא איין מענש, מוז וואקסען שטופען דיא בויד וויא א „פארשוין" זיך פעררוהען און געניסען נייע כחות אום צו קענען ווייטער, קעמפפען, לעבען און וואקסען.

אויב מיר אידען זיינען א פאָלק אָדער א גרויסע פאמיליע, קיינער קען ניט לייקענען אז מיר האבען געשטופט אונזער אלטע ביידיל וויא וואהרע פארשוינען בארג־ארויף. און וואס פיר א בארג־ארויף מיר האבען געהאט דיעזען יאהר־הונדערט וואס נעהט זיך ענדיגען! דער ערשטער שטופ איז געווען דיא בויד פון השכלה ווען דער גרויסער מאָזעס מענדעלסזאָהן האט געגעבען דעם סיגנאל פון בילדונג: מיר האבען געשטופט צו בערלין. מיר האבען זיך אָבגעשטעלט זאמלען פרישע קרעפטען, און דער נעכסטער שטופ איז געווען צום טהורם פון בבל (אסימילאציאָן) ווען ישראל'ס גרויסע לייט זיינען ענטלאפען פון אידישען לאגער דורך א הינטער־טהיר צום לאגער פון שטארקען...... מיר האבען זיך געזעצט פעררוהען אין בלאָטע און מיר האבען אויסגעפון אז אָט אָט צוכרעכען זיך אונזע־רע רעדער. פלוצלונג האבען מיר פערדרעהט דעם דישעל צום הר־הזתים וואו דיא נביאים שלאָפען און דער גייסט פון „חובבי ציון" איז געבאָרען געוואָרען מיר האבען געשטופט דיא בויד א רעכטע צייט אין דיא דירעקציאָן פון בארג לבנון, מיר האבען זיך ווידער פעררוהט צו אטהמען עטוואס פרישערע לופט. דיא בויד האט שוין געהאלטען שיער שיער אין אראָבגליטשען זיך צוריק בארג אראָפּ, ווען מיר האבען פלוצלונג געפונען פרישע כחות און מיר האבען גענע־בען א שטופ דיא אלטע בויד פון כנסת־ישראל צו באזעל — דער נעסט פון פאָ־ליטישען ציון!

אבער, זיינען מיר שוין איבער געקומען דעם שווערען בארג־ארויף? איז באזעל דיא לעצטע סטאציאָן? אָה ניין! מיר וועלען נאָך מעהר וויא איין מאָל מו־זען ארויסקריכען פון דיא בויד און איהר העלפען שלעפען, ווייל דער פאָליטישער ציון איז נאָך ניט דער לעצטער אידעאל פון דעם אידען'ס שליחות צווישען דיא

פעלקער. אבער מיר שטעהען יעצט אויף'ן רעכטינגען וועג. און עס פעהלט אונז נור אַנזאמלען אביסעל'ע נייע קרעפטען אום צו געבען א שפּרונג ווייטער.

דיעזער גרויסער שפּרונג מוז קומען און דיא צייט איז נאָהנט ווען מיר געהען אָנפאנגען דעם נייען בארג ארויף, דען דיא ציוניסטישע טהעטיגקייט האט עטוואס איינגעשלאָפען, און מיר פערוהען זיך יעצט. אבער וואָס פאר א זיסע אנגענעה־מע רוה! פון איין זייט זעהען מיר דיא גרעאָטענע פעלדער און וויינגערטנער פון דוד המלך'ס געוועזענע הויפּטשטאדט וואו יעדער שטיין האט א היסטאָריע און יעדע בערגיל א ביאָגראפיע. פון דעם אנדערן זייט זעהען מיר א גרויסען פּאלאסט פון א פּאָליטישען סענאט אויף יענעם פּלאַטץ וואו דער אלטער שטיינערנער בר־מנן, דער כותל מערבי, שטעהט און טרוימט דיא לעצטע צווייא טויזענד יאהר מיר פערוהען זיך, מיר אטהמען פרישע לופט, אָבער מיר האבען שוין געוואָר־פען אונזער אויג אויף א נייע נייסטינע לאנד כנען, פון נייסטינע מילך און האָניג......

אה! ווען מיר וועלען דאָרטען אָנקומען, וועלען מיר זיך מעגען ריהמען אז מיר האָבען דערגרייכט דיא לעצטע סטאציאָן פון בארג־ארויף, און אונזער גרוי־סע שכיחות אין דער וועלט - געשיכטע וועט זיך האבען געענדיגט מיט גלאַנץ.

דיעזע נייסטינע כנען פון גייסטיג מילך - און -האָניג וואָס וועט זיין אונזער לעצטע סטאַציאָן אין דער וועלט־געשיכטע מוז געשעהן אויף'ן פּלאַטץ פון ישראל'ס ווינעלע אין ציון! אבער מיר קענען דיעזען בארג - ארויף ניט דערגרייכען ביז מיר וועלען ניט פריהער אָנקומען צום פּאָליטישען ציון.

מיר האבען גוט געשטופּט, לאָמיר שטופּען ווייטער אין דיא זעלבע דירעק־ציאָן וואו שלמה האט בעזונגען, ירמיה בעוויינט און וואו אונזערע גבורים האבען געזיגט.

# לוינט עס צו זיין פּאָפּולער?

ווערטער פריינד מ. ד. הערמאלין.

אייער מיינונג וועגען אידישע פּאָפּולאריטעט איז מיר געפעלען, ווייל עס איז אמת ניט איממער גיבט דיעזע פּאָפּולאריטעט געלד צו אידען וועלכע ווערן באריהמט צווישען ווייצען. נור אזוי וויא איהר פרעגט מיין מיינונג וועגען פּאָפּולא־ריטעט, וויל איך עס טהאָן זאָ קורץ וויא מעגליך.

ע כער מענש וויל דען ניט זיין בעריהמט, אָדער ווענינסטענס א בעוואוס־טע פערזאָן? איהר געהט אין גאַס, איהר שטעהט אין שול, איהר זיצט אין טהעאטער אָדער איהר בעזוכט א פערזאמלונג, ווייזט מען אויף אייך מיט דען פינגער „דאָס איז ער" מען זאָגט אייך „גוט מאָרגען" מיט א שמייכעל, מען גיבט אייך דיא האנד מיט שטאָלץ, און מען קוקט אייך אין מויל אריין. ווען איהר גיבט א גענעץ האט מען מורא דיא חכמה זאָל ניט ארויספליהען! מען לאדעט אייך איבעראל און מען פרעגט אייך עצות. עפּעס א קליינינקייט ווען איינער האט דיא זכיה צו זיין פּאָפּולער?

עס איז אלזאָ קיין וואונדער וואָס יעדער איינער איז דורשטיג צו ווערן א בעוואוסטער מאן, אויב ער פערדיענט עס אדער ניט! נאָך מעהר דורשטיג פיר גרויסקייט איז דער דער יעניגער וועלכער שטעהט אין פערבינדונג מיט'ן פּובלי־קום און לעבט פון פּאָפּולאריטעט: רעדנער, שרייבער, פּרעדיגער, זינגער, אקטי־אָר, פיהרער — יעדער ווארט אויף בעריהמטיקייט פּונקט וויא דיא ראָזען אויף מאָרגען־טהוי, און ווער עס האָט שוין איינמאָל געמאכט קידוש איבער דיעזען זיסען בעכער, דער קען שוין זיין דורשט אזוי ניך ניט לעשען.

א פערגניגען צו זיין בעריהמט ניט אמת?

אָבער, איז דאָ א זאַך וואָס שטעהט מעהר אויף היהנערשע פיסלאך וויא דיעזע בעריהמטיגקייט? איין אונבעקאנטער חאַפּט זיך אמאָל אויף פון שלאָף א

„בעריהמטער מאן" און פערקעהרט—א גרויסער מאן ליינט זיך שלאָפען בעריהמט און שטעהט אויף א פראָסטער בשר־ודם. איין קליינע סיבה מאכט פלוצלונג אז א „גדול" ווערט איין „אימיצער" און דער „אימיצער" פערוואנדעלט זיך אין א „גדול"!

סער בולער, דער ענגלישער גענעראל, איז געווען פעררעכענט אין ענגלאנד אלס איינער פון דיא גרעסטע לייט, דורך זיין העלדענטהאט וואס ער האט בעוויזען אין פיעלע שלאכטען אין עגיפטען און אין אינדיען. ער האט אין איין נאכט זיין גדולה פעלאָרען אין זיד־אפריקא, און ווען ער האט שוין אפילו ווייטער געזיעגט קען ער אויך ניט מעהר צוריק קריעגען זיין בעריהמטקייט. דאס זעלבע איז מיט א האלב טוטץ לאָרדען וועלכע זיינען געפאָהרען נאָך זיד־אפריקא אָבפרישען מיט'ן שווערד דעם גלאנץ פון זייער גדולה. אדמיראל דיואי איז געווען איין „אימיצער" מיט א טאָג פריהער איידער ער האט געלאָזט זיינע קאנאָנען דער־צייילען דיא נסים פון יציאת מצרים ארום מאנילא אויף מאָרגען נאָך פריהשטיק איז ער געוואָרען א נאפאָליאָן! האבסאָן איז געווארען א בעריהמטער העלד בייא סאנטיאגאָ אין 15 מינוטען צייט, און איין איבערגעהאפטער קוס פון א פרוי האט איהם געמאכט צוריק פיר א לייטענאנט. אָבער דאס זעלבע איז ניט נור מיט גרויסע העלדען, זאָנדערן אויך מיט אללע גרויסע לייט.

דיא וואהרהייט איז אז דעם מענשענ'ס באריהמטקייט איז געגליכען צו א בלום, און דאס פובליקום צו א ביען: דיא ביען שפרינגט פון בלום צו בלום און זייגט אויס פון זייא דעם האָניג. אויך דאס פובליקום טאנצט ארום פון איין פאָ־פולערען מאן צום צווייטען: דאס פובליקום זייגט אויס דיא בעסטע זיסקייט פון זייערע געדאנקען, און דערנאָך בלייבען דיא גדולים ליגען פאזע ווענ פערוועלקט און פערגעססען! דאס פובליקום מוז האבען אלע טאָג א נייע גאָלדענע קאלב צו ווע־מען צו דיענען. דער יענינער וועלכער זוכט צו זיין פאָפולער, דער מוז אלעם ער־וואַרטען. ער מוז זעהר אָפט צו טהייער באצאָהלען פיר דיא ביסל כבוד וואס דיא פאָפולאריטעט גיבט איהם. זיין פריוואט לעבען איז איין אָפענעס בוך, זיינע מעשים ווערן געוואוינען, זיינע ווערטער געצעהלט און זיינע געדאנקען אָפטמאָל פערדרעהט. ער ליינט זיך שלאָפען איין ער און שטעהט אויף א ער.

ווילט איהר זיין פאָפולער ביז דיא לעטצטע מינוט ווען איהר מאכט צו אייערע אויגען? זאָל דיא פאָפולאריטעט זיין ענטוועדער אייער שקלאף: ענטוועדער איהר היטען מיט הונדערט אויגען זיא זאָל פון אייך ניט ענטלויפע דורך א הינטער

טיהר, אָדער איהר זאָלט אייך גאָר ניט מאכען וויסענדיג אז איהר קוקט אויף איהר.

דיא בעריהמטקייט מיט איהר פּוסטען גלאנץ האָט אָבער ניט ד א ווערטה אז דער וואהרער דיינקער זאָל זיין איהר שקלאף. איהר האט צוואנציג מאָל מעהר געלעגנהייט דורכצומאכען אייער וועלט בעסער ווען מען וועט ניט טאיטען אויף אייך מיט'ן פינגער „א ט ג ע ה ט ע ר." בעריהמטקייט בריינגט זעהר אָפט אומזיסטינע שׂונאים און אונפערדינטע צרות.

דער רוהיגסטער ים האט זיין שטורם־ווינד, דער בעסטער האָניג האָט זיין וויעדער־טעם, דער גרעסטער העלד זיין שוואכקייט, דער בעסטער רעדנער זיין אונגעבעטענעס שלוקערץ, דער שעהנסטער חזן ווערט אָפט קלוג ביים עמוד, דער גלענצענדסטער שרייבער האט צייטען־וויז זיין דרעמיל און דיא בעריהמטקייט אליין האט איחרע פלעקען.

---

## אידישע ביבער אין אמעריקאַ

---

אן מאדאם סאָפי ב.......ן שיקאגאָ.

אז איהר זיינט א לעזערין פון גוטע אידישע ווערק און אַרטיקלען, קען איך זעהן צווישען אייערע שורות. איהר שרייבט אידעש מיט א וואהרען געשמאק, ווייל עס איז אידעש, קיינע הילצערנע דייטש. איהר שטעלט מיר אָבער, ליעבע מאַדאַם, אין א גרויסע פערלעגענהייט, ווען איהר פרעגט מיר וו אָ ס צו לעזען און ווע מ ע ן צו לעזען. איהר זאָגט אין אייער בריעף אז „ווען זעליקאוויץ זאָל עס אויך ניט רעקאָמאנדירען, טא ווער דען?" איך מוז אייך אָבער זאָגען דיא וואהרהייט, אז איך וויים עס ניט מעהר פאר אייך, און איך אליין וו ל אייך שטעללען דיא זעלבע פראגע: וו אָ ס לעזט איהר און ווע מ ע ן לעזט איהר?

יא וועלכען אידישען בוך לעזט איהר נאכדעם וויא איהר האט דורכגעלעזען אייער בעליעבטע אידישע צייטונג? זוכט איהר אויף דען פאָדער בלאטט דעם נאמען פון פערפאסער, פון איבערזעטצער, אָדער ציהט אייך צו דער נאמען פון הערויסגעבער אלס גאראנטיע אז דאָס בוך איז ווערט צו לעזען?

ווען דער ווינד בלאָזט און דער פראָסט קנאקט, ווען דיא ערד זעהט אויס וויא א גלאנציגער מילך־ים און דאָס אייז זינגט אונטער אייערע פיס, ווען דיא ביימער ווערען בעהאנגען מיט נאטור'ס וייסע פערל און אייערע שויבען ווערען בעדעקט מיט שעהנע חרטומים־שריפט וואָס דער פראָסט מאָלט אויס מיט יאנואר'ס פינזעלע — דאן איז פיר אייך דיא בעסטע צייט אויסצוקלייבען א גוטען בוך אום צו פערברענגען דיא לאנגע ווינטער נעכט. דיא פּאָעטען האבען צופיעל בעליידינט דעם „טויטען ווינטער,“ און זיי וועלען איהם אזוי מבזה זיין זאָלאנג זיי וועלען פיעלען איין אָבגעפראָרענעם אויער און א רויטהען נאָז, זאָ לאנג דער פראָסט וועט זייא קיצלען אין דיא שפּיטץ פינגער. אָבער אין דער אמת איז דער ווינטער פיעל מעהר ליבליך וויא שרעקליך, דען דאָס ווארעמע פערגניגען וואס ער פערשאפט אונז אין הויז, וועגט אראָב דעם קאלטען קוס וואס ער גיבט אונז אין גאס. דאָס גרעסטע פערגניגען אין א ווינטער נאכט איז צו זיטצען נעבען פייער מיט א בוך אין האנד און לעזען. וואס פיר א טהייערער מזומן עס איז דער פראָסט, דער ווארעמער אויוון און דאס בוך!

אבער וואס לעזט איהר און ווענען זוכט איהר?

מיט איינינע יאהר צוריק האָט מען לייכט געקענט געפינען וואָס צו לעזען. יעדער פערלעגער האט געהאט זיין קלאס ביכער און זיינע געקליבענע פערפאסער. דיא ליסטע פון דיא ביכער איז געווען אזוי קליין אז דער לעזער האט געקענט זעהר לייכט אויסקלויבען וואס ער וויל. אָבער היינט איז דאָס כמעט אונמעגליך ווייל יעדער פּאָבלישער קומט ארויס מאָנאטליך מיט גאנצע בערג ביכער — פון שעקספּיר'ס דראמא'ס ביז דיא חכמות פון שלומיאל ליגנער, פון גראף טאָלסטאָי'ס „אָשמנו רביאטא“ ביז „וויבנע דוואָשע קאָבט איינגעמאכץ,“ פון זאָלא'ס ראמאנען ביז א ספר גורלות וואָס דערציילט אייך ווער עס האט געגנבעט אייער רעגען־ש!

דער נאמען פון פּובלישער איז אלזאָ מעהר קיין צייכען פיר אייך צו וועלכע קלאס דאס בוך געהערט, דען דער זעלבער פּאָבלישער דרוקט אלעס וואָס עס ברייננט איהם איין, אָדער וואס ער מיינט אז עס וועט איהם איינברענגען. אויך

דעם נאמען פון פערפאסער איז מעהר קיין גאראנטיע, ווייל דיא צאהל פון פער־פאסערס און פּאָעטען איז אונבעשריען, יעצט אזוי גרויס, אז א איד פון א גאנץ יאהר ווייסט גאָר ניט וויא אָנצופאנגען קליבען. וויא זאָל ער קלייבען? יעדער פון דיעזע שרייבערס ווערט פּראקלאמירט פון זיין פּאָבלישער אלס דער גרעסטער ליטעראט, אלס א בעריהמטער שריפטשטעלער. אזוי איז אויפגעשטאנען אין אונ־זער ניו יאָרק א גאנצע מתנה אידישע פערפאסערס, ראָמאנטישע, רעאליסטישע, היסטאָרישע, פּאָעטישע, פילאָזאָפישע, סאָציאליסטישע, עסטהעטישע, נעכטינגעטאָ־ניסטישע, פּארעווע, און ליידער אויך אונפערשמענדליבע וועלכע שרייבען האלב מאטערשע אידיש, האלב הילצערנע דייטש און קיין מענש קען זיי פערשטעהן וואס זיי ווילען!

דיא איסט סייד פון נויאָרק איז אזוי געפּאקט מיט דיעזע אלערליי שריפט־שטעלער נסודים וברודים וטלואים, אז מיר האבען שוין באלד מעהר פערפאסער וויא לעזער. דיא יאלעווע שרייבער זיינען מזלזל מקח און קאָנקורירען מיט דיא גרויסע, דיא נייע ביכער פערמעהרען זיך צעהנדלינגווייז יעדע וואָך, און דער לעזער ווייסט שוין גאָר ניט וועלכען בוך ער זאָל קויפען! אָפּען געדערט: דער לעזער האט זיך דיא לעצטע צייט אזוי פיעל מאָל פערבריהט אויף הייסע, אז ער נעהמט בלאָזען אויף קאלטע! אבער ווען וועלען אונזערע פּאָבלישער אויסגעפינען דעם סוד אז ווען זיי גיבען ארויס א שלעכטען בוך וואס דער אינהאלט איז ניט אינטערע־סאנט, אָדער דיא שפּראך הינקט, דאן פערטרייבען זיי זייערע בעסטע קונדען. ווען וועט דער פּאָבלישער אויסגעפינען אז סוף כל סוף וועט ער זיין דער ער־שטער קרבן?

ווען א סטאָר־קיפּער וויל קריגען א גרויסע קונדשאפט, בעמיהט ער זיך צו געפעלען זיינע קונדען אזוי ווייט אז זייא זאָלען ווידער קומען. ווארום טהוט ניט דער אידישער פּאָבלישער דאָס זעלבע? וואָס דרוקט ער ניט צום פערקויף זאָלכע ביכער וואס זאָלען דעם לעזער צופריעדען שטעלען מיט זיין גייסטיגע סחורה?

דער ווינטער איז דאָ מיט זיין ווייסען מאנטעל, און איהר זוכט א בוך וואס זאָל זיין אינטערעסאנט אָדער אמוזאנט אום צו פערברייננגען דעם לאנגען אבענד נעבען פייער. נאכדעם וויא איהר האט דורכגעלעזען אייער טעגליכע בלאט ווילט איהר אז א פערפאסער זאָל אייך דערציילען אין א דייטליכע שפּראך דאָס וואס איהר ווייסט ניט, אָדער ער זאָל מיט אייך שוועבען אויף דיא גרינע

אינזלען אין פאנטאזיע. אייער פובלישער ועט אייער וואונש נור דאן צופריעדען שטעלען ווען איהר וועט איהם צווינגען דערצו, פונקט וויא איהר קענט צווינגען אייער גראָסער צו האלטען בעסערע הערינג און אייער בעקער צו פערקויפען בע־ סערע בולקעס.

איהר קענט אייער וואונש אויספיהרען, וויל אונזער ניו יאָרק האָט נאָך נענוג אידישע שריפטשטעלער וועלכע קענען אריינברענגען מיט זייער פעדער זאָנען־ שיין אין אייער זעעלע, און ווען דער פּאָבלישער וויל, קענען טויטע בוכשטאבען אייך פיהרען אין לעבעדיגע וועלטען, אָדער אויף פליעגעלן פון פּאַנטאזיע אין טרוים ־ לאנד.

# שרייבען א ראָמאן.

ווערטהער טאלענטפאלער פריינד נ. מ. שייקעוויטץ, (שמר).

איהר פארדערט מיר אויף איך זאָלל ארויסגעהן מעהר אָפען צום קאמפף גענען דיא זאָנענאנטע אידישע רעאליסטען. גלויבט מיר עס איז ניט נעטהיג, וויל דאס פובליקום אליין טהוט עס שון.

עס האבען זיך בעוויזען דיא לעצטע פּאָאָר יאָהר נייע פערפאסערס וועלכע רופען זיך „רעאליסטען" און זיי ווילען דעם ראָמאן שלעפּען צוריק. זיי זאָגען אז דער פערפאסער דארף זיך ניט בעשעפטיגען מיט דיא גרויסע טראגעדיע'ס און קאָמעדיע'ס פון מענשען'ס לעבען, נור מיט קליינע איינצעלהייטען, און ווען איהר שרייבט ניט וויא זייא ווילען, רופען זייא עס „שונד ראָמאן."

לאָמיר אלזאָ געבען א קורצען בליק צווישען א „שונד פערפאסער" און א רעאליסטישען שרייבער:

פון וואנען נעהמט אייגענטליך דער אמת גוטער פערפאסער זיין ראָמאן? פון לעבען! ער זעהט אין לעבען וויא מענער און פרויען פערליעבען זיך ביז טויט און דערנאך האסען זייא זיך פּלוצלונג ביז טויט, ער זעהט וויא מענשען ווערען

פלוצלונג דערהויבען און דערנידריקט, איינינע ווערען רייך איבער נאכט אנדערע לייגען זיך הייך און ווען זייא שטעהען אויף אין דער פריה האבען זייא אפילו ניט אויף א טאָרבע. ער הערט וויא מענשען ערמאָרדען זיך איינע דיא אנדערע פון צייט צו צייט, ענטלויפען מיט יענעמ'ס וויב, שרייבען ביכער, בענעהן זעלבסט מאָרד, באזינגען דיא זילבער ווייסע לבנה, פערלירען זייער לעבען אויפ'ן ים, אָדער אויפ'ן שלאכט פעלד, מאכען זיך קאמפלימענטען אין דיא אויגען, אינטריגעס הינ־טערן רוקען, חאפען פעטש און גיבען צוריק.

דיעזע אלע בילדער זיינען קיינע פאנטאזיעס, נור גענומען פון לעבען, דען זיי טרעפען יעדען טאג. דער פערפאסער פון א ראָמאן קלייבט זיך אויס א האלב טוץ זאָלכע טראגעדיעס, א צעהנדלינג קאָמעדיעס און ער פלעכט זיי צוזאמען אין א שעהנע העבסט אינטערעסאנטע ערצעהלונג, פונקט וויא איהר, שמר, האָט גע־טאָהן מיט אייערע גוטע ראָמאנען אזא מין ראָמאן מוז געפעלען יעדען, ווייל דיא סצענעס זיינען פאָטאָגראפירט פון מענשען'ס לעבען.

אָבער, וואָס טהוט דער רעאליסט ווען ער שרייבט א ראָמאן? ער לאָזט צורוה דיא גרויסע טראגעדיעס און קאָמעדיעס פון לעבען, ער לייגט זיך נור אָפּ אויף דיא קליינע איינצעלהייטען פון דיא העלדען, וויא למשל דער פערליבטער האט איינינע מאָל געסאָפּעט ווען ער איז ארויף דיא טרעפּ, וויא זיין האנד האט געציטערט ווען ער האט אָנגעקלונגען, וויא ער האט אָבגעשאָקעלט דיא אש פון זיין ציגאר, וויא זיא האט געקוקט אויף איהם ווען ער האט געקוקט אויף איהר ווען זיא האט אָנגעגאָסען דיא טהעע, וויא דיא קאטץ האָט זיך געלאנגווײלט אין א ווינקעל און וויא דיא האלב אָפענע טיהר האָט געסקריפּעט! מיר זאָגען ניט אז דיעזע קליינע איינצעלהייטען דארפען נאָר קיין ראָללע שפּיעלען אין א ראָמאן, מיר ווייסען אז מיט א שעהנעם טאלענט קען מען פון דיעזע קליינינקייטען אָפּט מאכען גרויסע קונסט זאכען — אָבער פארוואָס זאָלען דיזע באנאטעלען שפּיעלען דיא הויפּט ראָלע אין א ראָמאן, וויא דיא רעאליסטען ווילען? און וואו איז דער ראָמאן אליין? וויא קען זיין א חופּה אָהן א כלה?

זאָלכע איינצעלהייטען זיינען זעהר זעלטען אינטערעסאנט, און זייט נח איז ארויס פון תיבה האבען זיי נאָך אלץ דעם זעלבען פּנים. ווען מען וויל שרייבען א גוטען ראָמאן וואָס זאָל פעראינטערעסירען, קען מען ניט אנפּיללען א גאנצען בוך מיט א העלד וויא אזוי ער געהט אלע טאָג אין אָפיס, אָדער בעשרייבען דיא איינצעלהייטען פון א פרוי ווען זיא געהט יעדען טאג קויפען א הערינג, אדער וויא

א „קלעזמער‟ רעדט נבול־פה אויף א חתונה, אדער וויא א שוחט גיבט 25 דאלער א רב פיר א דיפלאָמע צו קויקען א גאנז, אָדער וויא א טאטע הייסט זיין זוהן וואוטען דעם רעפּובליקאנישען טיקעט!

אמת, אז עס פאָדערט זעהר פיעל טאלענט צו בעשרייבען ריכטיג זאָלכע „אינסידענטס,‟ אָבער, עס איז ניט אינטערעסאנט, און קיינער וויל עס ניט לעזען. דער לעזער זוכט א ראָמאן, קיינע אקראָבאטישע קונצען. א ראָמאן קען נור דאן געפעהלען ווען ער האט מעהר פאנטאזיע וויא וואהרהייט. איך געדיינק אמאָל ווען איך האב געלערנט אין דער ישיבה האבען צווייא ישיבה בחורים פּרובירט זיך מעסטען ווער עס קען זאָגען בעסערע גראמען. דער ערשטער האט געזאָגט דיעזען גראם:

— איך האב אין קלויז פערלאָרען.

פינף פון מיינע בעסטע יאהרען.

דער צווייטער האָט אָנגעפאנגען אזוי:

— איך האב אין קלויז פערלאָרען.

צווייא פּאָאר וואָלענע סקאַרפּעטקעס.

— אבער שטייך—האט דער ערשטער אונטערבראכען—וואס איז דיין גראם?

— וואָס טויג מיר גראם, שטראם, אבי דאס איז אמת.

מאקע עס איז אמת, אבער קיינעם אינטערעסירט ניט דיא דראמאטישע גניבה.

אז דער לעזער וויל ניט וויסען פון זאָלכע רעאליסטישע סקארפעטקעס, מעגט איהר גלויבען אייער פריינד.

ג. זעליקאָוויץ.

# טרעהרען פון א פרויא.

---

פרייליין לוסי ש—ג.

שיקאגאָ.

דאַנקע פאר אייער קריטיק. נור ערלויבט מיר אייך אויפמערקזאם צו מאַכען אז איך האָב ניעמאלס ערלויבט, זייט איך בין רעדאקטאָר, „צו שפּאסען ווע־גען ווייבערישע טרעהרען" וויא איהר זאָגט. דיא טרעהרען פון א פרוי זיינען צו הייליג, און עס איז אַ פערברעכען פיר א הומאָריסט זיך לוסטיג צו מאכען ווען זיא וויינט.

טרעהרען פון א פרויא! — זיי זיינען וויא דער רעגען, וואס פאלט אויף דען פעלד פון רשע פונקט וויא אויפ'ן פעלד פון צדק: דיא זעלבע ווייבערשע אויגען וואס האבען א ווײלע פריהער בעוויינט דעם אונצייטיגען טויט פון א מערדער'ס קרבן, דיא זעלבע אויגען וויינען ווען דער מערדער שטעהט פאר דער גערעכטיג־קייט! אבער ווער קען אויסרעכענען דיא גרויסארטיגע זאכען וואס ווייבערשע טרעהרען האבען אויפגעטהאָן פיר ציוויליזאַציאָן זייט דיא וועלט עקסיסטירט? ווער קען אויסרעכענען וויפיעל מאל דיא טרעהרען פון א מוטער, טאָכטער און שוועסטער האבען ווייך געמאכט דאס הערץ פון טיראַן, אָבגעלאָשען דעם צאָרן פון באַנדיט און פערוואַנדעלט נקמה אין נחמה?

עס איז אמת אז דיא טרעהרען פון חוה'ס טעכטער האבען מער וויא איין מאָל אויפגעבראָכען דעם רינגעל פון תפיסה פארן שולדיגען און האָבען זאָגאר גע־רעטעט דעם פערברעכער פון תליה. אבער דיא זעלבע טרעהרען האבען אויך גע־געבען דער וועלט אזוי פיעל גוטהערציגע מענשען, אזוי פיעל זיסע פּאָעטען, אזוי

תיעל בראווע סאָלדאטען, אזוי פיעל טרייע פריינדע, און האבען אין אלע צייטע, געפרעדינט די פילאָזאָפיע פון רחמנות פיר גרויס און קליין!

אך דיא טהוי־פערלען, וואס טריפען פון א פּאָר אויגען פון א פרוי ווען זיא געזעגענט זיך מיט איהרע עלטערן, מיט איהר מאן, מיט איהר קינד אָדער מיט איהר ברודער! ווער פון אונז האָט שוין ניט בעקאנטשאפט געמאכט מיט דיעזע טרעהרען וואס בענייען אונזער זעעלע מיט א פרישען גלאנץ?

ווען מיר לעזען יעצט פון דיא גרויסע טראגעדיעס וואס פערטומלען ישראל׳ס געצעלט אין געוויסע טהיילען פון עסטרייך, דייטשלאנד און אין גאנץ רומעניען, ווען מיר הערען טעגליך דיא ווידערהאָלונג פון יענע אלטע פינסטערע רדיפות אויף אונזערע לאנדסלייט, ווען מיר זעהן אין אונזער פאנטאזיע יענע דראמאטישע סצענעס וויא פאמיליעס געזעגנען זיך אום צו געהן זוכען א נייע היים פון יענער זייט ים — ווען מיר זעהען דאס אלעס, דאס ערשטע בילד וואס ווארפט א שרעק אויף אונזער איינבילדונג איז דיא טרעהרען פון דער פרוי! וויא גוט דער פּאָעט האָט עס פערשטאנען ווען ער שילדערט אונזער פּעקיל צרות, אונזער —

Tortnre prolonged from age to age.
Infamy, Israel's long herifage;
Ghetto's plague, garb's disgrace,
Badge shame, the felons place;
Persecution, cruelty fear,
Distress and woman's tear!

דאס קען הייסען אונגעפעהר אין אידיש:

שרעקליכע רדיפות צו יעדער צייט,
ישראל׳ס אלטע ירושה איז בעליידינט ווערען,
געטהאָ, שאנדע, שמאך געהען זייט בּיי זייט
מיט אכזריות, רשעית און פרויען־טרעהרען!

דיא גרעסטע דראמאטישע באָמבע פון פּאָעט איז היער צום סוף — דיא טרעהרען פון א פרויא — ווייל עס גיבט קיין גרעסערע טראגעדיע וויא דאן ווען זיא וויינט און ער איז הילפלאָז וויא א בייבי. ער האט נאר ניט, קיין טרעהרען אויך נים. מענער וויינען ניט מיט דיא אויגען, זייער הערץ וויינט.

טרעהרען פון פרויען האבען שוין אויפגעטהאָן פיר דער וועלט פיעל מעהר זויא קאַנאָנען. ווער ווייסט פון וויפעל גרויסע טראַגעדיעס אידען האבען זיך ארויסגערעהט דיא לעצטע צייט און דרעהען זיך ארויס טעגליך נור דורך דיא טרעהרען פון אידישע טעכטער.

אין דיא טרעהרען פון א פרויא שפיעגעלט זיך איטער אב א קליינער רעגענבויגען.

---

# דער אייביגער פאר וואָס.

---

ווערמהער פריינד ס. פריידוס. פאר אייער אברייזע נאך אייראָפּא זעהען דיא אויסשטעללונג אין פאריז, ערלויבט מיר אייך צו בעמערקען אז צווישען דיא פערשיעדענע קאָנגרעסען וואס וועלען דאָרט שטאטפינדען, וועט זיך אין קאָנגרעס בעשעפטיגען מיט היפנאטיזם. ספיריטיזם און אנדערע איבערנאטירליכע פראגעס. ווער וואָלט דאס געגלויבט אז פאריז, דער צענטער פון עולם־הזה, נעהט זיך בעשעפטיגען מיט עולם־הבא!

יא, מיר געהען האבען א קאָנגרעסס פון פילאָזאָפען, פאָרשער און טרוימער, וועלכע זוכען אראָבצורייסען דעם פאָרהאַנג פון גרויסען „פ א ר ו ו א ס“. ענדע יוני וועט שטאטפינדען אין פאריז דער קאָנגרעס פון היפנאָטיסטען, ספיריטיסטען און פסיכיסטען, דאס הייסט א גרויסע ארמעע דענקער וועלכע בעשע[illegible] זיך מיט איבער נאטירליכע פראגעס, וועלען אונז זאָגען דייטליך וואס זייא [illegible]יסנע־פונען וועגען דעם אוראלטען רעטענעס וואס הייסט „פון יענער זייט קבר“, און זייא פערשפרעכען אונז וואהרע וואונדער וועגען מענשען, זיין זעעלע, זיין לעבען, און אויך זיין טויט וואס זיי רופען א צווייטע געבורטה.

זייט טויזענדע יאהרען האבען מענשען געזוכט איין ענטפער אויף דעם אייביגען פ א ר ו וואָ ס. פארוואָס עקסיסטירט אונזער וועלט? פארוואָס לעבען מיר? פארוואָס דענקען מיר? פארוואָס שטארבען מיר? זייער פילאָזאָפישער ענטפער

איז אימער נעווען דאס זעלבע ליעדעל „ווייל אזוי פערלאנגט דיא געזעטץ פון נאטור“ אָדער ווייל „דער ארכיטעקט פון דער וועלט האָט אזוי בעשלאָסען“.

ווייטער פון דיעזען ענטפער זיינען דיא פילאָזאָפען ניט געגאנגען, אָדער בעסער — העכער האבען זיי ניט געקענט פליהען צו קענען גרייכען ביז דעם גרויסען פראגע צייכען, און דער אייבינער פארוואס איז געבליעבען אָהן איין ענטפער ביז עס האָבען זיך בעוויעזען דיא היפנאָטיסטען, ספיריטיסטען און פסיכיסטען וועלכע בעהויפטען אז זייא האבען אין האנד דעם שליסעל פון רעטענגעס. זייא שווערען אז א לעבעדיגער קען זיך אונטערהאלטען מיט א טויטען פריינד, זיי פערזיכערען אז היפנאָטיזם וועט מיט דער צייט פערטרייבען אלע קראנקהייטען, און זיי דערצעהלען אונז אז דער קבר איז א צווייטע וויגעלע.

איך בין פרעמד פון היפנאָטיזם און פון ספיריטיזם. איך קען דארום קיינע נביאות זאָגען וועלכע סודות דער פאריזער קאָנגרעס וועט אויסזאגען פיר דער וועלט. נור, איין זאך מוז מען צו געבען אז היפנאָטיזם איז יעצט אנערקענט אין פאריזער אקאדעמיע אלס א וויסענשאפט, און דיא גרעסטע מענער פון דער וועלט געבען צו אז היפנאָטיזם איז א גרויסער „עפעס“ וואס האָט שוין בעוויעזען וואהרע וואונדער. דיעזע וואונדער זיינען פאָרלויפיג שטילע, אבער זייא וועלען אָנפאנגען אויסזאָגען אין דער הויך דיא סודות וואס זיי האבען ביז אהער געמורמעלט אונטער דיא ליפען אין לאבאָראטאָריום. דיא היפנאָטיסטען, ספיריטיסטען און אנדערע איבערנאטירליכע „איסטען“ קענען אלזאָ זיין בעסערע געלעגענהייט האבען וויא אויף זייער נעכסטען קאָנגרעס אין פאריז צו ערצעהלען וואס זיי וויסען פון מענשענ׳ס זעעלע און פון איהר ווייטע רייזע אויף מאָרגען נאָכ׳ן טויט.

איינער פון דיא חכמי התלמוד (חגיגה י״ג) האט מיט א מאל אויסגעשריען מיט א זיפץ: מענש! זוך ניט צו פערשטעהן וואס דאס עס שטעהט העכער פון דיין פערשטאנד, קלעטער ניט אויף דיא וואָלקענס צו בעגרייפען דאס וואָס אין אונבעגרייפליך — (במופלא ממך אל תדרוש ובמכוסה ממך אל תחקור). דער קומענדער קאָנגרעס אין פאריז וועט אונז דערצעהלען אויב דיא היפנאָטיסטען האבען שוין ווירקליך אויסגעמעקט פון פילאָזאָפישען ווערטער־בוך דאס וואָרט „אונבעגרייפליך“ פונקט וויא די וויסענשאפט האט אויסגעמעקט דאס וואָרט „אונמעגליך“ אָדער דיא היפנאָטיסטען האבען א זיסען טעות, און דער אייבינער „פארוואס“ בלייבט ווידער א גרויסער פראגע־צייכען פונקט וויא דער אייבינער „וויא־אזוי“.

# בעסטיע טייפעל, מלאך.

---

פריינד מאָריס ראָזענפעלד!

אמת! עס זיינען ווירקליך דאָ טראַגעדיעס אויף דער וועלט וואָס דער מענש קען זיי ניט אויסמיידען ווען ער זאָל אפילו זיין ווער ווייסט וויא פאָר־זיכטיג. אבער וואס טהוט איהר מיט דיא 98 אונגליקען צווישען 100, וואס געשעהן דורך דעם מענשענ׳ס נאכלעסיגקייט?

היינריך היינע האָט אויסגעשריען ווען ער איז געלעגען אויף דעם קראַנ־קען בעט:

„איך בין אַ איד, איך בין אַ קריסט, איך בין טראַגעדיע און אַ קאָמעדיע אין איינעם. איך בין שיר השירים און איכה צוזאַמען. אַ גריכע, אַ העברעער, איך פערגעטטער דיא ווילדע קראַפט פון אַ נאַפּאָלעאָן און איך בוק זיך פיר דיא פאַנטאַזיעס פון קאָמוניזם. איך בין אַ לאַטיינער און אַ דייטש — אַ בעסטיע, אַ טייפעל, אַ מלאך! דיעזער וויטץ פון אלמעכטיגען ווענט אויף מיר וויא אַ מיהל־שטיין. נור עס קען זיין אז דער גרויסער פּראָפעסער פון דער וועלט האָט געוואָלט דערמיט בעווייזען, מיר, דער קליינעם דייטשען פּראָפעסער, וויא אזוי מיינע שאַרפ־סטע הומאָר און וויטץ ווערען פערדונקעלט פון הומאָר פון גרויסען וועלט ארכיטעקט.“

דער גאנצער היינע ליעגט אין דיעזע איינינע צייליען: מיר זעהען דא היינע דעם גרעסטען לירישען דיכטער אין דער דייטשער שפּראַך, דעם גרעסטען סאַטי־ריקער, אבער אויך דעם לייכטזיניגען היינע. דאס בילד וואס היינע גיבט פון זיך איז דאס בילד פון דיא גאנצע מענשהייט וואס איז „בעסטיע טייפעל, מלאך“. מיר לעגען אליין מיט אונזערע הענד דעם פונדאמענט פון אונזער אונגליק, ענט־עדער דורך אונזער אונוויסענהייט אָדער דורך אונזער לייכטזין. מיר אליין זיינען עראַנטוואָרטליך פיר יעדע טראַגעדיע וואס פּאַסירט מיט אונז, מיר זיינען שולדיג אר וואס מיר טרעטען אריבער דיא געזעצע פון דער נאַטור, מיר זיינען שולדיג אר וואס מיר טראַמפּלען אונטער דיא פיס דעם שולחן־ערוך פון געזונדהייט, מיר

זיינען פעראנטוואָרטליך פיר יעדען זיפץ וואס מיר לאָזען ארויס און פיר יעדען טרעהר וואס בענעצ ; אונזער אויג.

בעסטיע־טייפעל־מלאך — אָט דאס איז דיא אורזאכע ווארום היינע האָט צור נעמאכט זיינע אויגען אזוי יונג אין דיא גרעסטע שמערצען. דאס איז דיא אורזאכע פון אזוי פיעל אונצייטינע קברים, אונגליקען און ראנעדיעס וואס פערוואנדלען אונזער וועלט אין א יאמער־טהאָל. אונוויסענהייט, לייכטזין אָדער נאכלעסיגקייט איז דיא אורזאכע פון יעדען בראָך וואָס קומט אויף מענשען דורך פייער אדער וואסער. קרימינעלע אונוויסענהייט פון איין זייט, נאכלעסינקייט פון דער אנדערן זייט פערשאפען צעהנדלינע אונצייטינע קברים. וואס העלפט וואס דער מענש איז א מלאך אין זיינע שטרעבונגען? זאָלאנג ער איז אויך א בעסטיע, א טייפעל און א נארר וועט דער טייפעל טראמפּלען אויפ׳ן מלאך בייא יעדע נעלעגענהייט.

א בלינדער מאן בעזוכט א גרויס ן פאלאסט, אָבער אזוי וויא ער זעהט קיין זאך ניט, קען ער זיך ניט פאָרשטעלען וויא רייך דער פאלאסט איז דעקאָרירט. נאָך מעהרער שטויסט זיך אב אן דיא מארמאָרנע ווילען. אין זיין בלינדקייט וואונדערט ער זיך ווארום מ׳ן האָט נעמאכט ווילען אין מיטען פאלאסט, און ער לאָזט אויס זיין גאנצען צאָרן צום ארכיטעקט פון פאלאסט. ווען זיינע אויגען זאָלען זיך פלוצלינג עפענען, וואָלט ער אבער באלד זעהן אז דיא נעביידע איז פאָלקאָמען, און דיא ווילען אן וועלכע ער האָט זיך געשטרויכילט ניבען נאָר צו א בעזאָנדערן גלאנץ צום פאלאסט.

דער גרויסער וועלט ארכיטעקט האט ניט נעמאכט אונזער וועלט אז מיר זאָלען זיך אָבשלאָגען אן איהר און ליידען, ער האָט ניט גיוואָלט אז היינע זאָל ליעגען צווייא יאהר אויפ׳ן בעט און צו מאכען זיינע אויגען פאר דער צייט. ער האָט ניט געוואָלט אז מענשען זאָלען זיך פערוואנדלען אין א בארג אש אין א טענעמענט הויז, ער האָט ניט גיוואָלט אז עלטערען זאָלען פיהרען זייערע קינדער צו דער לויה. עס איז אונזער שולד. מיר זיינען בלינד דורך אונזער אונוויסענהייט פון געזעצע דער נאטור, מיר זיינען בלינד דורך אונזער פינסטערע נאכלעסינקייט, מיר זיינען בלינד דורך אונזער לייכטזין, און אנשטאט צו זוכען א רפואה צו אונזער בלינדקייט, האבען מיר טענות צו דער וועלט און צו איהר ארכיטעקט. עס איז אונזער אייגענע שולד ווען מיר באגעגנען אזוי אָפט יענע קליינע אָרון׳לאך מיט טויטע בייבים וואס זייער באגעגנים לעבערט דורך אונזער ברוסט! נאָט

האָט נים נעמאכט א בית־עולם פיר קליינע קינדער. נור אונזערע אונוויסענהייט און נאכלעסינקייט זיינען דיא צווייא טויטען־גרעבער וועלכע גראבען יענע קליינע סברים׳לאך וואס צורייסען אונזער זעעלע פון רחמנות.

דער תלמוד האָט א ווערטיל הרואה שיסורין באים עליו יפשפש במעשיו „ווען אימיצער פאננט אן פלוצלונג ליידען שמערצען און צרות, זאָל ער נאכזוכען דיא אורזאכע אין זיין־ארט לעבען און אין זיינע איינענע טהאטען״. זאָל ער זוכען, ער וועט אויסגעפינען אז זיין איינענער טייפעל און בעסטיע האבען איהם געזעצט אויפ׳ן בראָך־שטוהל.

דיא זיפץ פון דיא היינעם איז שעהן, אבער דאָס ווערטיל פון תלמוד איז וואהר.

---

# איבערמאכען דיא מעשי-בראשית.

פריינד דר. מאירסאָן!

עס איז אימער אנגענעהם צו רעדען פון דיא ערפינדונגען וואס דיא קינפטינע דורות וועלען ארויסגעבען. ווער ווייסט וואס אונזערע אייניקלאך וועלען א מאל זעהן און הערען?

נור א קשיא אויף א מעשה! לויט דיא ערפינדונגען מיט וועלכע מיר ווערן בעקאנט יעדען טאָג, איז אלעס מעגליך. וויא באלד אז מענשען קענען יעצט פליהען אין דער לופט וויא מלאכים פון ענגלאנד ־אָך פראנקרייך איבער׳ן ים, וויא באלד אז מיר האבען לופט באיסיקעלס צו פאהרען אבריכטען חצות, טאיפרייטערס צו שרייבען א נט און רעדשיסטעטס צו מארקירען וויפיעל מי שברך־געלד יעדער חזן נעהמט, טאָ פאר וואס איז נים מעגליך מיר זאָלען לעזען אמאָל אין דיא צייטונגען דיא פאָלגענדע אטווערטייזמענס? איך וועל אייך צוזאמענשטעלען זאָלכע קינפטינע אנאָנסען, צום ביישפיעל:

צו פערקויפען א גוטע לופט־באיסיקעל וואס פליהט צעהן מייל א מינוט. קאָסט בלויז 17 דאָלאר. דער איינענטהימער וואָלט עס אייך אויסבייטען אויף א גערדאנקען־רעדזשיסטער לייטעסט סטייל. נאכצופרעגען אין אפיס פון רעדאקציאָן.

**צו פערקויפען** א טעלאָפאָטאָגראַף פאַר'ן וועסט פּאַקעט. עס קען אָבפאָטאָ־
גראפירען א מענשען אָדער א סצענע אין סעקונדע מיט דיא נאטירליכ
סאָלירען און שיקען דיעזעס בילד אַרום דיא וועלט אין צייט פון זעקס מינוטען,
קאָסט בלויז 4 דאָלאר. אורזאכע פון פערקויפען ווייל דאס איז דיא מתנה פון
א שווינער.

**צו פערקויפען** א הויז אין 44286טע סטריט, אין יעדען צימער איין אייז־באקס
פיר ווינטער און א שטראהלען־באקס פיר זומער. יעדען טאָג קענען צוזאמען
נגפ־עסט ווערען פרישע שטאלען פון דער זונן צום באקען קאָכען און זיך
ווארעמען.

**צו פערקויפען** א זומער־וואָהנונג, דרייא מינוט ווייט פון ניואָרק מיט לופט־
באַלאָן, און בלויז צוויי מינוט פון באָסטאָן. זיך ווענדען צו דיא „יאָקימבעמבע
אימפּראָווּמענט קאָמפּאַניע״.

**צו פערדינגען** רומס אויפ'ן 92טען פלאָר סויטה נאָרטה סטריט, דער עלע־
ווייטאָר איז בעהאלטען פון פרעמדע בעזוכער. אויסגעצייכענטע וואָהנונגען
פיר דיא וואָס ווילען זיך בעהאלטען פון בעלי־חובות און דעטעקטיווס.

**פערזענליך** דיא פערזאָן וואָס האָט צינע'ננב'עט דיא פינגלען אין האָטעל
וועסט 5435טע סטריט זאָל וויסען אז זיא ווערט פערקלאגט ווערען פאר
גרענד לארסעני ווען זיא וועט נים צוריק ברענגען דיא גניבה.

**געפונען** א געדאנקען רעדזשיסטער וואס פלעגט נור מארקירען אויף דער מא־
שינע דרייא געדאנקען. וואהרשיינליך האָט עס פערלאָרען א משכיל. ער
קען צוריק קריעגען זיין מ.יאה ווען ער וועט זיך מעלדען אין אָפיס.

**פערלאנגט** א יונגען מאן ער זאָל אויסטראַגען מיניקעס יום טוב בלעטער אי
סאן־פראנציסקאָ און דיא ארומיגע שטעדט. ער קען שלאפען יעדע נאכט
אין שיקאגאָ אין אונזער ברענטש־אָפיס. ער מוז האבען זיינע אייגענע פלינגלען און
זיין אייגענעם לופט באיסיקל.

**מעדיצינישע** דר. יאצמעד'ס בעריהמטע פיללען היילען אלע לעשייעס, זומער־
שפריינקלעך, פלעקען און אנדערע בויך־ווייטאָג. א ניגער קען ווייס ווערע
איבער נאכט.

**א פעהיגער מאַן** פערלאַנגט א שטעלע אלס קאַפּיטאַן פון א לופט־שיף. ער האָט דיא בעסטע דיפּלאָמען און א מערצל פאר זיין רייטען אויף דען וואָלקען.

**בעקאַנטמאַכונג** דיא סיטיזענס פון פּאַלעסטינא וועלכע וואָהנען אין דיא פערייניגטע שטאַאַטען זיינען בעאויפטראַגט זיך צו מעלדען מאָרגען נאָך מיטאָג אין ירושלים צו העלפען פייערן מיט גרויס פּאַראַד דעם 25טען געבורטס־טאָג פון דיא אידישע רעפּובליק. דיא לופט־שיפען וועלען אברייזען אַלע צוויי שטונדען דיא בנגדס מיוזיק וועלען שפּיעלען כל נדרי און „ונתנה תוקף“.

איך ווייס דער לעזער וועט זאָגען אז דיעזע אַטווערטייזמענטס זיינען צופיעל פאַנטאַזטיש, אבער וואָלטען אונזערע עלטערן מיט הונדערט יאהר צוריק ניט דאָס זעלבע געזאָגט אויף מאַנכע אדווערטייזמענטס וואָס מיר לעזען היינט?

וויא באַלד אַז דער מענש האָט אויסגעמעקט דאָס וואָרט „אונמעגליך“ פון ווערטער־בוך, איז שוין אַלעס מעגליך.

---

## קענט איהר בלאָפען?

---

ווערטהער פריינד רעדאַקטאָר, הערר מ. ט. דאַליצקי!

ווען איהר וואָלט מיר געלאַדען בלויז צו בעגריסען דעם ערשטען נומער פון אייער זשורנאַל „דיא צייט“ וואָלט איך עס געטהאָן מיט פערגניגען, אָבוואָהל עס איז איבריג צו לויבען אייער פּאָעטישע פעדער פונקט וויא עס איז איבריג צו פאַרבען א בלום.

אבער איהר שטעלט אייך ניט צופריעדען, פריינד, מיט א ליטעראַרישען מזל טוב אַליין, מיט א איינפאַכען גרוס, זאָנדערן איהר פערלאַנגט נאָך פון מיר [illegible]עפּעס א מין הומאָריסטישען אַרטיקעל, א „שטיקעלע סאַטירע“ וויא איהר רופט [illegible]ס, און דאָס שטעהט מיר יעצט וויא א ביין אין האַלז.

איהר מוזט מיר ענטשולדיגען וואָס אנשטאָט אייך צו געבען סאַטירישע אַרטיקלען, וועל איך בעסער רעדען מיט אייך ביזנעס וויא עס פּאַסט פאַר

אזעלכע צוויא ביזנעס-לייט וויא מיר זיינען (וואס לאבט איהר?), און דאס וועט אייך אפשר איינטראנען, אז איהר האט צו פיעל טאלאנט פאר אייער נייע אונ־טערנעהמונג איז ביי מיר קלער; אבער האט איהר אויך נענוג חוצפה דערצו? נאר דער ווארט „חוצפה“ איז דא אביסעל צו שטארק, און לא'מיר עס פער־טייטשען אויף אמעריקאניש: קענט איהר בלאפען?

יא פריינד, דער טאלענט וויא מעכטיג ער איז, איז דיא שוואכסטע בריאה אין אמעריקא. אונד דער „בלאף“ איז א נעזונטער יונגאטש שטארק וויא א ריעז. וועה צו דעם רעדאקטאר וואס קען ניט בלאפען, ווען מען וויל אין נויארק ארויס־נעבען א צייטונג דארף מען ארויסנעבען אונגעפעהר אזא מין צירקולאר:

„איך דער וועלט־בעריהמטער פערפאסער פון אלע פערפאסערס און גרעס־פאט פון הודו ביז כוש, מאך בעקאנט פאר כל ישראל פון ארבע מיתות בית־דין אז איך נעה ארויסנעבען א זשורנאל פון אלע שבע חכמות אויסנעפיללט פון מיר אליין, א חוץ מיך וועט אויך מיטארבייטען דער פאעט קראטצמיך מיט א ליעד „עס שנייהט אין אפריקא“. דער בעריהמטער פילאזאף האצמיך האט נעגעבען א בריליאנטענעם ארטיקעל מיט'ן נאמען „מילכינע לאקשען און דיא מענשליכע זעעלע“ און דער מלך מלכי המלכים פון אלע זשארגאנישע פילאלאגען הדרניאל בן ממטרון, האט בעוויזען אז מען בעדארף ספעלען. דאס ווארט „קוממיות“ מיט א טוויארדי זנאק. ועל כלם, דער דאקטאר דאסמיך וועט נעבען אין מיין בלאט היימישע רפואות פאר היהנער־אוינען, העהנער־אוינען, טשיקען־אוינען, בראדאוועקעס און גלאט מערידען. ווארט דאס איז נאך ניט אלעס; דער הויבנעשעצטער אפאטהעקער פון „ניד הנשה פעראיין“ האט פאר אונז נעמאכט שפעציעל יאבעבא טראפענס, ארויס צו נעהמען טינט פלעקען פון א בולווע קיגעל און פלעקען פון דער משפחה. יעדער סובסקרייבער פון מיין בלאט וועט בעקומען אזא פלעשעלע אלס פרעמיום, צוזאמען מיט א פעקעלע יצר הרע קרייטעכער פאר אלטע לייט און חן־גריבעלעך פאר יוננע מיידלעך א. ז. וו. א. ז. וו.

יא מיין פריינד. אבי מען קען בלאפען, נעהט עס אלעס וויא נעשמירט און מען דארף דיא קונסט אויף כפרות. איהר זייט אבער קיין ברעקעל בלאפער, און דערפאר האב איך אביסעל מורא פאר אייער צוקונפט. אבער „ניע באיוס“ וויא מען זאגט בייא אונז אין בערלין, מיר האבען נאך אין אמעריקא נענוג אידישע עדעלע דענקער און עהרליכע לעזער, וואס וועלען וויסען וויא צו שעטצען דיא עהרליכע אונטערנעהמונג פון א גרויסען העברעאישען משורר, וואס זיין נאמען

איז אריבערגעשוואומען אהער אהן א שיף, א לאנגע צייט איידער דער פאָעט אליין האט בעטרעטען דעם שטויב פון דור־הפליה־טעמפּעל קעסטעל גארדען!
פערלירט קיין מוטה, פריינד און אייער „צייט" זאָל אייך ברענגען גוטע צייטען, וויא עס ווינשט אייך אייער אמת'ער פריינד

ג. זעליקאָוויץ. 1)

נויאָרק, הושענא רבה תרנ״ח.

## מעג מען בערויבען אַ גוסם?

איהר בייזערט זיך אביסעל צופיעל אין אייער העברעאישען בריעף אַנט אז מיין לעצטער ארטיקעל שמעקט מיט היפאקריט דערפאר וואס איך האָב יך אויסגעדריקט אז מען דארף ניט לאבען פון תחית המתים. איהר וואגט אייך אָגאר צו בעהויפּטען, דאס וואס איהר ווייסט ניט, אז איך האב מיין ארטיקעל עשריעבען נור אום צו געפעלען דעם המון, אבער אין אמת'ן גלויב איך עס אליין ויך ניט. איהר בעט מיר ענדליך לאָגישע ארגומענטען.

גוט, אָט זיינען מיינע ארגומענטען.

ווען איינער פערליערט פלוצלינג זיין איינענטהום, און דער וואָלקען פון דלות פערפינסטערט זיין געצעלט, דאן קומט דער מענש און מרייסט דעם אונגליקליכען אז דער ראָד פון גליק קען זיך צוריק איבערקעהרען אויף זיין זייט. „ניש־קשה ברודער — זאגט מען צו איהם — דיא שטראהלען פון הצלחה קענען נאך צוריק שיינען אויף דיר אונד דוא וועסט דערצעהלען אין פריידען דיינע יעצטיגע ליידען."

ווען איינער פערליערט פלוצלינג זיין שעהנעם נאמען דורך איין אונגליקליכע יבה אָדער דורך א טרויערינגען טעות, דאן טרייסט איהם דער מענש אז דיא יט וועט מיט דער צייט אָבווישען דעם פלעק פון זיין עהרע, „ניש־קשה

1) אבער מיין ברכה האט ניט געהאלפען, דיא „צייט" האט נור געלעבט אתר.

ברודער — זאָגט מען צו איהם — דיין נאָמען וועט נאָך צוריק געפינען דעם ערשטען גלאַנץ.״

ווען איינער פערליערט זיין נאָהענטסטען קרוב, ווען ער דארף זיך ניט־דאָ־נעדאכט געזעגנען מיט א קינד אָדער מיט א מוטער וואס ליגט מיט די פיס צום טהיר, דאן קומט רעליגיאָן און טרייסט. דעם אָבער אז אויף דיעזע וועלט מאכט מען נור א קורצען שפאציר־גאנג, און דער קבר איז א צווייטע ווינקעלע, „ניש־קשה פריינד — זאָגט צו איהם רעליגיאָן — דיין טהייערער פריינד וועלכער האט דיר ערשט געזאגט „גוט־נאכט״ איז נור געווען א קערינדיל צווישען צוויא אייביגקייטען, א סענדוויטש צווישען ווינעלע און קבר, דער טהרה־ברעט האָט זאָלבע סורות וואס די גרעסטע פילאָזאָפיע קען ניט ערקלעהרען, און דער בית־עולם ווינקט צו א ליכטיגען איבער־מאָרגען פון יענער זייט קבר.

די זעלבע זיסע האָפנונג פון אויף מאָרגען נאָכ׳ן טויט מורמעלט אויף רע־ליגיאָן אין דעם אויער פון דעם גוסס, וועלכער ליעגט אויפ׳ן שטערבע־בעט. „ניש־קשה פריינד — זאָגט צו איהם רעליגיאָן — אמת אז דיין קערפער נעהמט ווערן א טהייל פון דער ערד וואס האָט דיר געשפייזט, אמת אז דער טויט מאכט יעצט צו דיינע אויגען. אבער ניש־קשה אויף די בלומען שטארבען, און דאך האבען זייא זייער פריהלינג ווען זייא ערוואכען וויעדער מיט א שמייכעל! ווארום זאָל דער מענש ניט האבען זיין צווייטען פריהלינג?

קען דען געבען א שעהנערע טרייסט פאר׳ן פערוויינטען אָבער און א שעה־נערע מוזיק אין אויער פון גוסס ווי א דיעזער ניט־קשה פון רעליגיאָן וואס וויזט אונז איין אייביגען אפריל נאָך אונזער יאָמערליכען דעצעמבער? האָט די פילאָ־זאָפיע ווען־עס־איז אומגעשטירצט דיעזען סיזען ניש־קשה פון רעליגיאָן? ניין! אלעס וואס די פילאָזאָפען האבען ביז יעצט אויפגעטהאָן איז דאך נור דאס וואס זייא קענען זאגען „איך וויים ניט!״ אזוי נאר! ! ! און וואס ווייסט איהר דען יא? מישטיינס געזאגט וואס דער מענש קען שוין ערקלערען מיט זיין בענרענצטען שכל זאכען וואס שטעהען העכער פאר זיין שכל! .ור אנגענומען אפילו אז די פילאָזאָפיע האט א טויזענדסטען חלק רעכט עפעס צו צווייפלען ווענען דיעזע גרויסע רעטעניסען, איז נאך אונז אלץ פיעל ליעבער דער פריינדליכער „ניש־קשה״ פון רעליגיאָן ווי א דער פיינדליכער „איך וויים ניט״ פון פילאָזאָפיע. רעליגיאָן דער־צעהלט אונז אז אונטערן מציבה שטעהט א רעגען־בויגען, און פילאָזאָפיע שרעקט אונז אז מיר האבען ניט מעהר צוקונפט פאר א טויטע קאטץ!

אָה נייַן, עס גיבט קיין גרעסערעס פערברעכען וויא צו בערויבען פון גוסס און פון אבל דעם זיסען גיש-קשה פון רעליגיאָן. עס גיבט קיין ענטשולדינונג פיר א פילאָזאָף צו פּערלעשען דעם לעצטען שטראהל וואס מאכט אונז ליכטיג דאָ אויף אונזער פינסטערען יאָמערטהאל וואס מיר רופען וועלט.

דאס בלימעלע אויפ'ן פעלד מורמעלט א פיעל שעהנערע פילאָזאָפיע וויא דיא חלומות פון אלע דיא וואס זאגען „איך וויים ניט" — דערצעהלט אונז דער מדרש שיר־השירים אויפ'ן פסוק „אני חבצלת השרון". הערט וואס דיא ראָזע זאָגט: „אמרה החבצלת, כשם שאני מתה בחורף ונשמתי חוזרת בי באביב כך יחיו מתיך נבלתי יקומון, כשושנה האומרת שירה אחרי קומה מירכתי בור, שנאמר: מכנף הארץ זמירות שמענו דאס הייסט אין אידישע איבערזעצונג: דיא ראָזע זאָגט: „פונקט וויא איך גיב דעם לעצטען זיפץ ווינטער און וויא עס קומט דער פריהלינג קריעג איך צוריק מיין לעבען, דאס זעלבע, מענש, דארפסטו אויך ניט פערליערען דיין האָפפנונג וועלכע זינגט א וואונדער־בארע מעלאָדיע אין פינסטערען בוזים פון דער ערד".

איהר מעגט זיין אויפגעקלערט וויא פיעל איהר ווילט, האָכגעשעצטער משכיל איהר מעגט זאָגאר לייקענען אין אייער אייגענעם „איך" אויב דאס מאכט אייך פערגנינגען — איהר האָט אבער קיין רעכט צו פערדינגען נאך מעהר פערצווייפלונג פיר דיא וואס וויינען, דען עס איז ניט שעהן ארויס צו שטעקען אייך אפיקורסישע צונג אויפ'ן קבר וואו עס שלאָפען אונזערע טויטע פריינדע.

---

## קענט איהר אייערע מחותנים?

---

צום משכיל *N. N.* וועלכע שיפפט אויף אמעריקא.

ליעבער פריינד אייער ליעד „א קלאָג צו קאָלאָמבוסן" איז דורכאויס פאלש.

מען האָט אונז נעצעהלט, מיר וויסען יעצט אז אונזער גרויסע רעפובליק האָט 77 מיליאָן מענשען, און מיר שטאָלצירען מיט רעכט וואס מיר בעלאנגען צו דיא אמעריקאנער נאציאָן וואס איז דיא גרעסטע ציוויליזירטע נאציאָן פון דער וועלט.

אבער קענט איהר דעם אמעריקאנער, ר׳ קרוב? קוקט איהר אויף אונזערע מחותנים דורך א פערגרעסערונגס־גלאז אדער דורך א פערקלענערונגס־גלאז? זיינט מוחל און קוקט א וויילע אן דעם אמעריקאנער נאר אה ברילען, איהר קענט איהם קיין מאל ניט אזוי גוט זעהן וויא יעצט ווען דאס פאלק נעהמט נעבען דעם גרויסען אורטהייל אויב מען זאל ענדערן דיא מאשינערי פון אונזער רעגיערונג.

דער אמעריקאנער האט ניעמאלס קיין צייט ניט, זיין איינציגער געדאנק איז וויא אזוי ער זאל רייך ווערען. ער וויל אלעס, ער וואנט אלעס און טהוט אלעס אכי צו דערגרייכען זיין צוועק. דער אמעריקאנער גלויבט אויך אז דיא שעהנסטע צווייא ווערטער פון זיין שפראך זיינען „מאני" און „ביזנעס!"

דאס איז מייסטענס דער איינדרוק וואס דער אמעריקאנער מאכט אויף אויסלענדער, און בעזאנדערס אויף אונז אידען, ריעזער איינדרוק איז אויך אמת, דען כמעט בייא יעדען אמעריקאנער ארבייטען זיינע געדאנקען וויא זיין פעקטארי. דער אמעריקאנער האט אזוי ווענינ געדולד צו ווארטען אז ער וויל בעסער פאהרען מיט דער באהן 50 מייל א שטונדע, און ער וויל אליין אנטרייבען זיין באני כדי ער זאל קענען ניכער אנקומען, דער אמעריקאנער בענקט ניט נאך א מיליאן דאלאר, נור נאך מיליאנען דאלארס, און ער בעוואונדערט אם מייסטענס דעם יענינען וועלכער האט הצלחה אין זיינע ביזנעס, עס בלייבט זיך גלייך פון וואנען דייזע חצלחה קומט. ווען עס קומט זיין צייט צו שטארבען, ענטלויפט ער פון דער וועלט פונקט וויא ער וואלט ערהאלטען א טעלעגראמע פון הימעל „טו קאם עט וואנס פאר ביזנעס" ער חאפט און אנטלויפט פון דער וועלט פונקט וויא ער פלעגט חאפען דיא קאר, דיא טריין אדער זיין בייסיקל.

אמת, דער יענקי איז ווירקליך דער טהעטינסטער מענש וואס מען קען זיך פארשטעלען, עס איז אבער פאלש אז ער ארבייט איבער זיינע כחות, אז ער וויל ניט וויסען פון עולם־הזה און האט קיין אנדער גאט וויא דעם אלמעכטינען דאלאר. דיא יענינע פון אונזערע לאנד׳ס לייט וועלכע בעהויפטען עס, קענען ניט דעם אמת׳ן אמעריקאנער וועלכער איז דער קלינסטער מענש פון נאציאנען. דער אמעריקאנער האט צייט צו טהאן גוטעס, ער האט צייט צו געבען און אנצונעהמען איינלאדונגען, ער האט צייט צו זיטצען דרייא שטונדען אין טהעאטער און פערברענגען יעדען יאהר דריי מאנאט אין אייראפא. ער האט צייט זיך צו שפיעלען מיט זיין בייבי, צו לעזען א בוך, צו הערען א רעדע און צו קויפען יעדען טאג פינף „עקסטראס".

דיא אמת'ע גרויסקייט פון אמעריקאנער ווייזט זיך ארויס אין צייט פון דיא וואהלען (עלעקשען). זעהט נור וויא פערקאָכטביידע פּארטהייען זיינען יעצט: רעפּובליקאנער דונערן נעגען דעמאָקראטען, און דעמאָקראטען שטורמען דיא רע־פּובליקאנער, דיא פריעדליכע מלחמה פערטױבט דיא לופט וואָכען לאנג, און ביידע פּארטהייען מאכען זיך איינע דיא אנדערע דיא שענדליכסטע בלבולים אפי צו זיעגען. עס קומט דער טאָג פון דיא וואהלען, דיא מיללױאָנען בירגער גהען מיט גרעסטען ערנסט צום שטים־קאסטען, און מיר האבען א נייעם פּרעזידענט, נייע גאָווערנאָרס, נייע קאָנגרעסלייט, און דיא גאנצע מאשינערי פון אונזער רעגירונג ווערט איבערגעמאכט! אויף מאָרגען רייכען זיך ביידע פּארטהייען דיא האנד און שליעסען פריעדען: דער זיעגער זאָגט „איי טאָלד יו סאָ" און דער בעזיעגטער פאננט אָן האָפען אז ער וועט זיין דער זיעגער מיט 4 יאָהר שפּעטער.

דיעזע פריעדליכע מלחמה ביים שטים־קאסטען איז דיא זעעלע פון אונזער גרויסע רעפּובליק, איהר גרויסקייט, הצלחה און גלאנץ!

---

# פּאַרעווע טרייסטער.

---

מאדאם ב. מ.

שיקאגאָ: — דיא יעניגע וועלכע טרייסטען איין אוננליקליכען מיט „עס האָט נאָך געקענט ערגער זיין" טרייסטען ווירקליך קיינעם ניט. דיעזע זאָרטען טרייסטערס זיינען דיא לאנגווייליגסטע מענשען פון דער וועלט. זיי גיסען בוימיל אויף אייערע צרות דערמיט וואס זייא בעווייזען אייך אז אייערע צרות האבען געקענט נאָך זיין ערגער זיין, און בכן דארפט איהר זיין פאָלקאָממען צופריעדען מיט אייער מזל לאנגע.

— שטעלט אייך פאָר אז איהר זיינט פלוצלינג בלינד געוואָרען — זאָגען דיעזע טרייסטערס — לאָז זיך אייך אָבדוכטען אז אייער בייבי האָט בעדארפט חלילה דורכפאַלען דורכ'ן פענסטער פון 4טען עטאזש און עס איז נצול געוואָרען דורך א נס, נעהמט אייך אריין אין אייער איינבילדונג אז דאָקטאָרען האבען

אָבנעזאָגט אייער לעבען, און איהר האָט נאָך בלויז איין חודש צו זעהן דיא זון.

נו בכן איז וואס, ווערטהע טרייסטערס? דעריבער דאַרף מען זיך גליקליך שעטצען ווען מען האָט קיין רענט צו צאהלען אדער ווען דיא ווייב מוז געהן אין צוריסענע שיך? וויא קען מען טרייסטען דעם יענינגען וועמען עס איז זעהר שלעכט דערמיט וואס האט איהם געקענט זיין נאָך ערגער?

דיא וואהרהייט איז: דער מענש איז א גרויסער העלד אויסצוהאלטען דיא צרות וואס יענער האט! מיר זיינען דארום אימער דאָ מיט א „ניש־קשה" וואס איז האלב טרייסט און האלב עצה צו דיא יענינגע וואס ליידען.

— ניש־קשה, עס איז נאָך גאָר נים אזוי שלעכט וויא איהר מיינט, און איהר דאַרפט אייך גליקליך שעטצען וואס פיעלע אונגליקליכע זיינען אייך מקנא.

ווען מיר זעהן א מאן מיט א גרויסע פאמיליע און זעהר קליינע געהאלט צום לעבען, קענען מיר נים פערשטעהן ווארום ער בעקלאָגט זיך. מיר רעכענען באלד אויס וויא אזוי דיא פאמיליע קען נאָך אלעמען נים ליידען קיין הונגער, און מיר וואונדערן זיך ווארום דיא פאמיליע איז טרויעריג. עס איז גאנץ איינפאך: מיר פיהלען נים דיא צרות פון יענעם, און דארום קענען מיר נים הערען וויא יענער זיפצט!

מיר פיהלען נים אונזער שכן'ס שמערץ — אָט דאס איז דער אמת'ער סוד פון אונזער יאלעווע טרייסט צו דיא יענינגע וואס ליידען. נור, ווען מיר קענען נים אָדער ווילען נים העלפען דעם „אָי" פון אונזער חבר, דארפען מיר וועניגסטענס אויסמיידען איהם צו ערקלעהרען אז ער דארף זיך גליקליך שעטצען וואס ער איז נים בלינד, טויב אָדער א חלוקה־נעהמער אין ירושלים. מיט זאלכע עצות אדער דברי תנחומין ווייזען מיר נור ארויס אז זייער זיפץ גרייכט נים ביז אונזער הערץ פונקט וויא זייער עלענד גרייכט נים ביז אונזער פאקעט.

נאטירליך עס זיינען דא גרויסע קלאָגען וואס ווערען פעראורזאכט דורך טויט אָדער משונעת, ווען נור איינינע ווערטער פון טרייסט האבען דיא קראפט ארויפצוגיסען עטוואס בוימיל אויף דיא וואונדען פון דעם וואס ליידעט. עס זיינען אויך דא גרויסע שמערצען וועלכע נעהמען אין גאנצען אוועק דיא שפראך פון טרייסטער.

מטרקווירדינג! דער מענש וועלכער וויל ניט מיטפיהלען די שמערצען פון זיין חבר זאָלאנג זיין דופק קלאפט, דער זעלבער מענש ווערט צובראָכען אויף שטיקער ווען ער קוקט אָן פנים־אל־פנים א גרויסע טראַגעדיע פון טויט! עס פאננט אָן אויף אונז צו ציטערן דיא הויט ווייל מיר הויבען אָן טראַכטען: ווער ווייסט וויא אונזער טויט וועט געשעהן? „קיין מענש ווייסט וואו זיין קבר וועט זיין" זאָגט אונז דיא ביבעל (ולא ידע איש את קבורתו).

וואס פאר א טהייערער גן־עדן אונזער וועלט וואָלט געוועזן ווען דער מענש זאָל מיטפיהלען מיט זיין חבר ווען ער לעבט פונקט וויא ער טרויערט אויף זיין אונצייטיגען קבר.

# דיא אידישע פּאָליטישע קלובס.

געגאָסע ל. מ—ר!

רעפובליקאנער! דעמאָקראַטען! זייא לינען מיר ביידע ניט אפילו אין דיא לינקע פיאטע — האט איהר אויסגעשריען אויף א מיטינג.

דיזע ווערטער הערט מען שוין בעצייטענס פון מאנכע איבערגעשפּיצטע פאטריאָטען וועלכע זאגען אז זייא זיינען „סיק פון דיא גאנצע ביזנעס" און זייא דערצעהלען יעדען אז זייא ווילען ניט וואוטען פיר קיינעם! ווען מען פרעגט זייא „פארוואָס" ענטפערן זיי אז זייא ווילען ניט אונטערשטיצען א פארטי וואס איז אין דיא הענד פון באָסעס. ווען איהר ציהט זיי נאך אביסעל פאר'ן צונג, פער־זיכערען זיי אייך אז פונקט וויא זיי ווילען ניט אויפשטעלען דיא זילבערנע קאלב וואס קען פעראונגליקען דאס לאנד, דאס זעלבע ווילען זייא ניט אונטערשטיצען טראָסטס, א. ז. וו.

צווישען דיא פערשיעדענע קלאסען מענשען וועלכע שאדען דאס לאנד וואס גיבט זייא פרייהייט און גלייכהייט, זיינען דיא געפעהרליכסטע דיא יענינע, וועלכע ווילען ניט געבען זייער וואוט. ווען איין אמעריקאנער רעפובליקאנער האפט זיך אויף

פון העלער הויט איין אריסטאָקראַט, און נעזעגענט זיך מיט זיין לאַנד אום צו ווערען א סיטיזען פון פאריז אדער לאָנדאָן, איז ער ניט אזוי פיעל צו טאדלען וויא דעריענינער וועלכער בלייבט אין לאנד, נעניסט איהר פרייהייט, און וויל ניט מיטהעלפען דיא נאציאָן אין איהר קאמפף פיר איהר עקזיסטענץ. דער מיליאָנער האט זיך אוועקנערוקט פון יענער זייט ים, און מיר הערען פון איהם ניט. ברוך שפטרני! אבער דיא וועלכע בלייבען היער, דיא וועלכע ווערען בעשיצט אונטער דיא מעכטיגע פלינלען פון אונזער רעפובליק — מיט וואס פיר א רעכט רוקען זיי זיך ארויס דורך א הינטער טהיר און זאָגען: „שלאָגט איך אליין קאָפּ אָן וואנד?“ זיי לעבען דאך אונטער רעפובליקאנישע אינסטיטוציאָנען פון וועלכע זייא קריגען דעם בענעפיט, זיי לעבען גליקליך און בילדען קינדער אויף קהל׳שע הוצאות! מיט וואס פאר א רעכט מענען זיי זאָגען: איך וויל ניט ביישטייערן מיין ציעגעל צום פונדאמענט פון דיא גרויסע רעפובליק, מיין היים?

דיא וואהרהייט איז, אז דער שטים־קאסטען וואו איהר ווארפט אריין אייער וואוט איז קיין מאָל ניט נעווען אזוי מעכטיג און בעשיצט וויא היינט. עס איז דיא שעהנסטע זאך וואס מיר האבען אין לאנד, ווייל דער וואוט מאכט פון יעדען אמריקאנער א רעגירער! דער באללאט־באקס איז דער טהראָן פון יעדען אמעריקאנער בירגער! אויב דער וואוט ווערט נענעבען פאר דעם ריכטינען גוטען קאנדידאט אָדער נימ, אבי מען פרענט אייך וועמען מען זאָל איבערגעבען דיא לייצעס פון אונזער רעגירונג דיא נעכסטע 4 יאהר. דאס אליין, דיא זעעלע פון אונזער גרויסע רעפובליק, איז דיא גרעסטע און בעסטע אינסטיטושאָן וואס מיר האבען פון דער זייט ים, און דער אמת׳ער פאט־ריאָט איז ניט דער וועלכער זאָגט „איך וועל ניט וואוטען“ נור דעריענינער וועלכער ניבט זיין וואוט פיר דאס וואס ער גלויבט אָדער פאר דיא פערזאָן וואס ער רעכענט בעסער פון דיא אנדערע. איהר זיינט נענען פּאָליטישע באָסעס — איהר קענט זייא נור פערטרייבען ווען איהר נעהמט אייער אנטהייל אין עלעקשען אבער איהר וועט זיי ניט אבשוואכען אפילו אויף א האאר ווען איהר וועט זיטצען אין דער היים און מורמלען אונטער אייערע ציינער „אויף מיין דאגה“!

ווען מיר באנענענען זאָלכע „אויף־מיין־דאגה“ פאטריאָטען צווישען אמערי־קאנער, איז אזא פערברעכען נענוג גרויס, דען עס קען זיין אז דיעזער „פאטריאָט“ וועלכער וויל זיין וואוט צו קיינעם ניט געבען, שטאמט אליין ארויס פון א זיידען וואס האט א מאָל נעגעבען זיין לעבען אויפ׳ן שלאכט־פעלד אום זיינע קינדער

זאָלען קענען וואוטען. אבער נאך גרעסער איז דאס פערברעכען ווען זאָלכע „אויף מיין־דאנה" פאטריאָטען געפינען זיך צווישען אונזערע ברידער וועלכע האבען אזוי פיעל געטרונקען דעם גלות־בעכער אין דיא אלטע וועלט, וועלכע האבען געמחט אימער קוסען דיא טיראנישע רוט וואס שמייסט זיי, און זינגען „חנותן תשועה מלכים" פיר יעדען זעלבס־געקרוינטען באנדיט וועלכער טראכפּעלט אויף אונז! ווען מיר האבען ענדליך דערלעבט צו קומען אין א לאנד וואו מען פרעגט אונז וועמען מען זאָל שטעלען אן דער שפּיטצע פון דער רעגירונג, דארפען מיר געבען אונזער מיינונג דורכ'ן באלאט־באקס מיט פרייד, מיט ליעבע און שטאָלץ.

עס איז אויך לעכערליך צו בעהויפּטען וויא אונזערע דייטשע ברידער מיי־נען, אז דיא רוסישע אידען מאכען זיך שעדליך דערמיט וואס זייא האבען בעזונ־דערע היברו פּאָליטישע קלובס, רעפּובליקאנישע אָדער דעמאָקראטישע, אנשטאט צו געהן מיט'ן שטראָם. אָה נייך, זאָגאר ווען ציון'ס אלטע פאָהן האט געפלאטערט אויפ'ן בארג לבנון, אויך דאן איז געוועזען אונזער שטאָלץ דיא פערשיעדענע קלובס.

זאָלען אונזערע בריעדער מאכען פּאָליטישע קלובס וויפיעל זיי ווילען, און זאָל יעדער איד מיט זיין וואוט ווייזען, אז ער איז איינער פון דיא ארכיטעקטען פון דיא גרעסטע רעפּובליק דער וועלט.

---

## פילאָזאָפיע פון אלטען פלאקען.

כבוד ידידי פ. ווערניק, נויאָרק.

— וויא קומט עס — פרעגט איהר — וואס פון 15טען יולי ביז 15טען אגוסט האבען מיר אין נויארק אליין זאָפיעל וועלכע באנעהען זעלבסטמארד, און צווישען זייא געפינען זיך זעלטען איין אלטער מאן?

דער תרץ איז: דיא אלטע בעקאנטשאפט.

„איך וואָלט ניט געוואָלט שטעהן דערבייא און צוזעהן וויא מען רייסט

ארויס פון דער ערד א פלאָקען מיט וועלכען איך בין בעקאנט געוועזן זייט א לאַנגע צייט.״

דיעזע ווערטער פון א גרויסען פראנצויזישען פילאָזאָף גיבען אונז א מערק־ווירדיגעס בילד וועגען דיא קראפט פון אונזער געוואָהנהייט צום לעבען! דאכט זיך קויט אונזער שכל דארף דער אלטער מאן האבען ווענינער געדולד צו ליידען, דען ווען ער ווארפט זיין בליק אויף דיא עטליכע יאָהר וואס ער האט שוין אָב־געלעבט, ווען ער זאָל ערנסט בעטראכטען זיין פעקיל צרות, טרויער, זיפצען, טרעהרען און פאלשע פרייד וואס האבען איהם ארומגערינגעלט געסטערן, דארף ער האבען גאנץ ווענינ בטחון אין מאָרגען. זעהט ער דען ניט אז דיא פער־שוואונדענע פערגניגען פון געסטערן האבען איהם ניט פערשאפט דעם אמת׳ן גליק? דאך זעהען מיר ביי יעדער געלעגענהייט אז דער אלטער וויל זיך ווייניגער שיידען פון דער וועלט וויא דער יונגער. דיא אלטע בעקאנטשאפט מיט דער וועלט מאכט זיס דעם אלטענס צרות. וואס עלטער מיר ווערען, וואס מעהר יאהרען עס פליהען אריבער אונז, וואס מעהר בית־עולם בלעטלאך מיר קריגען אין דיא האאר פון קאָפּ, ווערען מיר אלץ מעהר און מעהר צוגעוואָהנט מיט דער וועלט. דער אַלטער מאן ליעבט דאס לעבען מעהר פארן יונגען, ניט דעריבער ווייל דאס לעבען גיבט איהם מעהר פערגניגען, נור איינפאך ווייל עס איז שוין א לענגערע צייט זייט ער איז בעקאנט מיט דער וועלט. דער ערד־קוגעל איז פאר איהם איין אלטער פריינד, און עס איז איהם זעהר שווער זיך צו שיידען פון זיין אלטען פריינד פונקט וויא עס איז שווער דעם פראנצויזישען פילאָזאָף צו זעהן וויא מען רייסט ארויס פון דער ערד זיין אלט־בעקאנטען פלאָקען.

דיא קראפט פון געוואָהנהייט! וויא מערקווירדיג זיא ווירקט אויף אונז אין אלע ווינקעלאך פון לעבען. דיא כינעזישע געשיכטע ערצעהלט אונז: ן דער פרומער קייזער טשין־וואנג איז ארויף אויפ׳ן טהראָן פון כינא, האט ער געמאכט א מאניפעסט מען זאל ארויסלאָזען פון געפענגניס אלע פאָליטישע געפאנגענע וועלכע דער פאָריגער קייזער האט איינגעשפארט. צווישען דיא בעפרייטע וואס זיינען געקומען בעדאנקען דעם נייען קייזער, האט זיך געפונען איין אלטער מאן מיט זילבער־ווייסע האאָר. ער איז געפאלען זיין בעפרייער צו דיא פיס און האָט אויסגעשריען

— גרויסער פאטער פון כינא! איך אונגליקליכער האב שוין דורכגעמאכט 85 ווינטערס. איך בין אלט געוועזן 22 יאהר ווען מען האט מי פרייהייט פו

יר בערויבט אויזויסט. מעהר וויא 50 יאהר האב איך אבגעלעבט אין דער פינסטער גאנץ אליין. איך האב אפילו ניט געזעהן דיעזע גאנצע צייט וויא די זון געהט אויף און אונטער, אבער איך האב זיך ענדליך אזוי צוגעוואָהנט צו מיין פער־שווארצטען לעבען, אז דיא שטראהלען פון דער זון לאנגווייל,ען מיר יעצט ביז צום טויט. איך בין אזוי עלענד אין דיעזע ליכטיגע וועלט! קיינער געדענקט מיר ניט. איך בעט דיר, אלזאָ גרויסער טשינג־וואנג, עפען מיר צוריק דיא טהיר פון מיין אלטבעקאנטע געפענגניס, איך וויל גליקליך פערברענגען מיינע לעצטע טעג אין דעם זעלבען פלאטץ וואו איך האב אבגעחושך'ט מיינע יונגע יאהרען.

דער אלטער מאן ווייסט גאנץ גוט אז דיא וועלט האָט איהם קיין גליק פערשאפט, דיא תענוגים פון עולם־הזה פערטרויען איהם אויף א סוד אין אויער אז דאס זעלבע ביסעל פערגניגען וואס זיי האבען איהם פערשאפט ב י ז יעצט, וועט אין דער צוקונפט פיטל שוואכער ווערען, דאך ליעבט ער דיא וועלט מיט יעדען טאָג מעהר, ווייל וואס מעהר דער מלאך־המות זייפט אן זיין קאָפּ, ווערט אלץ זיין ליעבע שטארקער צו דער וועלט, צו איהרע פראָדוקטען, ליכט, שאָטען, בלומען און דערנער!

עס איז זעהר נאטירליך, ווייל דיא אלטע בעקאנטשאפט וואס האלט זייא צו פעסט צום לעבען וויזט זיי ביז אויפ'ן שוועל פון קבר א וועלט מיט גאָלדענע חלומות, און וואס מעהר זיי ווערען עלטער, שוועבען זייא אלץ מעהר דורך ראָזע וואָלקענס אויף דיא גרינע אינזלען פון אייביגע יוגענד.

---

# ווען עס זינגט זיך אליין.

---

פראָפ. ה. רוסאטא, נויאָרק.

איך האב ערהאלטען אייער ארטהאָדאָקסישען „כל־נדרי“ דער מעלאָדישער זיפץ פון אונזער היסטאָריע.

כל־נדרי! וואס פיר א גרויסארטיגער קאפיטעל פילאָזאָפיע עס איז אָנגע־שריעבען, ניט אין דיא ווערטער, נור אין דיא טעננער פון דיעזען מוזיקאלישען

סרעכץ, מיט וועלכען מיר בעגריסען ערב יום כפור דעם גרויסען טאָג פון פערגע־סען און פערגעבען!

ווען אונזער זעעלע איז פערוואָלקענט און אונזער הערץ טריפט מיט בלוט, ווען פערצווייפלונג גרייפט אונז אָן, און דער אונגליק קוקט אונז חלילה אָן אין פנים — דאן פאננען מיר אן זעהר אָפט זינגען בעקאנטע טעננער וואס צוגיסען זיך אויף אונזער זעעלע. מיר זינגען ניט, נור ע ס ז י ך בייא אונז! מיר זוכען אלס טרייסטער איין אלטען טאָן פון אונזערע סקארבאָווע נגונים, און ער דער־צעהלט אונז דאס וואס ווערטער קענען ניט ארויסגעבען. אבער דער שעהנסטע פון דיעזע סקארבאָווע נגונים איז אָהן א צווייפעל אונזער „כל־נדרי" וואס דער־צעהלט אונז אזוי איינפאך דעם אידען'ס קאמפף צווישען דיא פעלקער, זיין ליעבע צו זיין נאציאָן, זיין בליק צום הימעל, זיין העלדענטהאט, זיינע שטראהלען, זיינע וואָלקענס, זיין פאל, זיין האָפנונג און זיין זיעג!

לאָמיר זעהן וואס דערצעהלט אונז דיעזע אידישע מעלאָדיע פון אונזער אלטען כל־נדרי. מיר זאָגען פון אונזער אלטען כל־נדרי, ווייל מיר מיינען יעצט דיא זאָגענאנטע היינט מאָדישע „ארראנזשירטע" כל־נדרי'ס וואס ענטהאלטען מעהר פרעמדע פלאנ־צונגען וויא היימישע נור אייער אלטען אידישע כל־נדרי וויא איהר האט עס אומגעשרי־בען אין נאָטען. וואס ערצעהלט אונז דיזער כל־נדרי וואס מאכט אזא שטורם אין אונזער זעעלע? באלד דיא ערשטע טעננער פאנגען זיך אָן מיט דיא שודערהאפטע פער־צווייפלונג פון לאנגען „אָאָאָי" וואס האלט זיך אָפּ ביי דעם וואָרט נ ד ר י. אָבער דיעזעלבע פערצווייפלונג פאנגט זיך באלד וויעדער אָן מיט א הערצען'ס רייסענדען יאָמער אין דעם מוזיקאלישען איבערגאנג. וויא קענטן, וויא זאָלען דיא איינפאכע טעננער בעסער אויסדריקען דיא קליינקייט פון מענשען וועלכער וואנדערט דא אויף א קורצער צייט אויף א שטרויענעם בריק געצווינגען פון וויגעלע ביז קבר? דער מענש! היינט איז ער א טהייל פון דיעזע וועלט און מאָרגען קענען מיר ניט דערגרייכען אפילו מיט א ספיקטיף דעם שאטען וואו ער איז פערשוואונדען. ניטאָ קיין מענש! אך, וויא דיא טעננער דערצעהלען אונז אזוי קינסטליך אונזער קאמפף. דער איד איז אָבער אָפּטימיסטיש געזאָגען, ער איז א גם־זו־לטובה, און פון דעם טיפסטען קרעכץ „אנדאנטע" שפרינגט ער ארויף אויף דיא הייטליכע „אלעגרעטאָ" פאר'ן שלום פון כל־נדרי, ווייל דעם אידען'ס מאָטטאָ איז האָפפען, האָפפען און האָפפען, זאָגאר ווען זיינע פיס שטעהן אויף'ן שוועל פון תהום.

א ביאָגראַפּיע אין טעננער פון א גאַנצע נאַציאָן און דערצו אין א זעהר
יע קאָמפּאָזיציאָן וויא כל־נדרי איז — דאס אליין איז דער בעסטער בעווייז אז
וואהרער מוזיקאַלישער טאַלענט האט נאר ניט צו טהאָן מיט ציוויליזאציאָן,
כל־טעכניק, הארמאַניע, פונען מאדולאציאָן א. ז. וו. א גרויס׳ער מוזיקער וואקסט
רויס נאָר אָהן נאָטען פונקט וויא א גרויס׳ער פּאָעט קען ארויסוואקסען אהן א
פלאָמע און אָהן איין אוניווערזיטעט. דער פּערפאסער פון כל־נדרי האט געבליהט
צייט איידער עס האט געלעבט דער איטאַליענער נויי־דיארעזזאָ וועלכער האט
אויסגעטראכט דעם מוזיקאַלישען אלף־בית — נאָטען.

וואס איז דער וואונדער? דעם מענשען׳ס הערץ האט קיין גראַמאטיק, דיא
יינע מוזיקאַלישע זעעלע דארף קיינע נאָטען, און דיא אמת׳ע געפילעלטע נע־
דאנקען פון דיינקער קענען זיך בענעהן נאָר אָהן א דיפּלאָמע. דאס איז וואס מיר
הערען אין כל־נדרי. מען זינגט עס ניט, נאָר עס זינגט זיך אליין, פונקט וויא
דיא איברים פון מענשען נעהמען זיך צוזאמען און קרעכצען אין כאָר.

כל־נדרי — דאס איז דיא שעהנסטע ביאָגראַפּיע פון אידען אויסגעדריקט אין
טעננער, און דאס איז דיא אורזאכע ווארום יעדער „אַי״ שווימט אין ים
הארמאָניע.

---

# דיא אידעשע ימים טובים.

---

לכבוד ידידי המטיף ה׳ יוסף זעף.

דיא אידישע יומים טובים איז דיא שעהנסטע טהעמע פיר א רעדנער וויא
איהר זיינט, ווייל מען קען עס פיגרהאנדלען זעהר גלענצע:

יעדע יאהרעס צייט שטעלט פאָר אין מענשען׳ס איינבילדונג עפּעס אנדערס.
דער ווינטער דערמאָנט אונז אָן טויט: דיא גאנצע ערד שלאָפט אונטער א בארג
שנעע — נאטורס תכריכים. דיא בלומען האבען שוין לאנג נעגעבען זייער לעצטען
זיפץ, דיא צווייגען וועלכע האבען פערלאָרען זייער גרינקייט שטעהען שטיל אָהן

W. I.

לעבען און דיא ביימער זיינען פערזונקען אין א טיעפען הין־היגר־פלעם. ווינטער איז אלזא אנגענומען ביים פאָלק פונקט וויא בייא דיא פּאָטען אלס סימבאָל פון טויט.

פריהלינג איז דער סימבאָל פון לעבען און ליעבען, דעו זאָבאלד וויא נאטור וועקט אויף דיא ערד מיט א קוס, פאנגט אן אלעס צו בליהען און גרין צו ווערען זומער איז ניט מעהר וויא א פאָרטזעצונג מיט מעהר קאָלירען פון פריהלינג וואס פריידיגט אונז לעבען און ליעבען.

אָבער וואס זאגט אונז דער הערבסט? דער פּאָעט האט צו איהם קיין חבר ניט אויפ׳ן בוים און ניט אין קבר, ווייל דער הערבסט שטעלט פאר דאס ריינע פּראקטישע לעבען, ווען מען נעהמט אראָב פון דיא פעלדער, און דער מענש גענימט דיא רייכע פרוכט פון דיא קערנער וואס זיין האנד האט אנפערטרויט אין בוזים פון דער ערד, הערבסט איז אלזאָ א מין חג־האסיף, ווען דער מענש זאמעלט אויף אלעס פון פעלד אום צו קע-ען געניסען דאס לעבען.

מיר האבען קיינע אידישע ימים טובים אין ווינטער, ווייל אונזערע פייער־טעג טראָגען דעם שטעמפּעל פון בליהען, לעבען און געניסען. פּסח פייערן מיר ענדע ווינטער, צו בעגריסען דיא פרייהייט וואס איז געבאָרען געוואָרען פאזע טייך נילוס. שבועות בעגריסען מיר דאס ליכט פון בילדונג און געזעטץ אין רעכטען מיטען פריהלינג, און סכות איז אונזער גרויסער יום טוב פון אגריקולטור — חג האסיף. און וויא פייערן מיר דעם חג האסיף? אין א סכוה וואס איז באדעקט מיט גרינס, מיט איין אתרוג, דיא שעהנסטע פרוכט וואס דיא וועלט פערמאָגט, מיט א לולב, הדסים און נאך. זאָלכע מינים וואס שטעמפּלען מיט יונענד דיא גאנצע מעשי־בראשית.

אונזערע אלע ימים טובים זיינען אלזאָ נאטירליך וויא נאטור אליין, אונד האבען גאר ניט צו טהאָן מיט איבער־נאטירליכע חלומות, וויא דיא ימים־טובים פון קריסטענטהום.

מיר פייערן קיין יום טוב דעם טאָג ווען אונזערע נביאים זיינען געבאָרען געוואָרען, מיר האבען אויך קיין מרויער־טאָג אין אונזער לוח צו בעוויינען דעם טויט פון ישראל׳ס גרויסע אָדלערס. מיר פייערן נור נאטירליכע ימים־טובים וועלכע האבען צו טהאָן מיט אונזער נאציאָן אָדער מיט דיא גאנצע מענשהייט.

מיר בעגריסען יעדען יום טוב אין אלע וועלט־טהיילען, ווייל ער מורמילט

אונז אין אויער דיא גרויסע וואהרהייט אז ישראל סבא, דער אלטער באָרדער, לעבט נאך און האט נאך אויך יעצט נעגוג יונענדליכע קראפט צו האפען אויף דיא גאָלדענע צייטען וואס מען האָט אונז פערשפראָכען אין גאָטעס אלבום — דער בוך וואס האָט געלעגט דעם גרונד־שטיין פיר אלע דורות.

---

# שכנים אין גרויסע שטעדט.

---

פריינד יעקב נינזבורג, פילאַדעלפיא.

איהר וואונדערט אייך ווארום שכנים ליעבען זיך ניט אין נויאָרק. איך וואונדער זיך דאס זעלבע, אָבער דער פאקט איז דאָך אזוי.

יאָ, שכנים ליעבען זיך ניט אין דיא גרויסע שטעדט, און נויאָרק גיבט אונז דעם בעסטען ביישפיעל וויא שווער עס איז צו פאָלגען דיא געבאָט וואס הייסט אונז ליעבען אונזער חבר, ווען דיעזער חבר איז אונזער שכן! ווען שכנים פון א טענעמענט־הויז רייסען זיך ניט צוליעב זייערע קליינע קינדער וואס האבען קיין שלום ניט אין סטריט, ווען דיעזעלבע שכנים געהען אזוי ווייט מיט זייער עדעל־קייט אז איינער צום צווייטען גיבט א שאָקעל מיט'ן קאָפּ אויפ'ן בריקעל — איז שוין דאס דיא גרעסטע העלדענטהאט וואס מען קען ערווארטען פון שכנים אין א גרויסע שטאָדט. אָבער נעהנטערע בעקאנטשאפט געהט יעדער זוכען מיט א שטראסען ווייטער וואו מען זעהט איהם קיין מאָל ניט אין פאנטאָפעל, וואו מען הערט נים וויא זיין ווייב רופט איהם דורכ'ן פענסטער אויף'ן קוויטש אז זיא האָט פיר איהם אָפּגעבראָטען א לעבערל אָדער אז דיא בייבי ווינט און לאָזט איהר ניט אויסקעהרען דיא קיך.

נור, ווען מיר זוכען אימער אויס צו מיידען שכנים, בערויבען מיר דאָך פון זיך אליין דעם שעהנסטען פערגנינען וואס זעצט ארויף א קרוין אויף דאס לעבען אין א גרויסע שטאָדט! לעבען פריינדליך מיט שכנים איז ניט נור איין איידעלע

זאך, נור עס איז אויך א שטיק עולם־הזה וואס בריינגט אריין זאָנען־שיין אי
אונזער נעצעלט.

אויסמיידען א שכן — פאר וואס? ווען איהר טהוט יעס בריינגט איהר דאך
שארען צו איהם אייך. איהר זיצט און חלום'ט אין הויז אָדער איהר מוזט
געהן זוכען אביסעל פּארעווע אונטערהאלטונג א שטיק ווענ אום דיא מרה־שחורה
זאָל ניט מאכען פון אייך א תל. אייער שכן נעפינט זיך אין דיא זעלבע לאגע,
און ער מוז געהן פּעדלען מיט א שמייכעל אום צו עמפּפאנגען צוריק, אלס
צדקה, א „גוטען אבענד".

שכנים אין א גרויסע שטאָדט — עס איז ניטאָ ווער עס זאָל לאכען! זייא
זיינען זיך אפשר ניט קיינע שונאים, אָבער זייא קענען זיך אזוי גלאט ניט ליידען.
ווען מען זעהט שטעהן פאר'ן מהיר א טויטען־וואגען פרעגען דיא שכנים פון זעלבען
הויז ווער עס איז געשטאָרבען! און ווען מען זאָגט זייא ווער דער בר־מנן איז,
פרעגען זיי ווייעדער וואס דיא קראנקהייט איז געווען, ווען דאס איז געשעהן, ווער
עס איז איבערנעבליעבען, און נאך זאָלכע פראגעס פונקט וויא דיא טראנעדיע
וואָלט נעטראָפען אין איין אנדער סטריט, און זיי פערגעסען יעצט אז דיא פּערזאָן
וואס לינט שטיל אין שטומען הילצערנעם קאסטען איז געוועזן א שכן! עס קען
זיין אז דיא שכנים ה בען נאך נעהאָלפען גראָבען דעם אונצייטינען סבר, דע זיצען
גאנצע טענ אליין וויא א נעפאנגנענע נאכטיגאל אין שטיינ האט אָפט צווייא
ווענען: צום דול־הויז אָדער צום בית־עולם! „חברותא או מיתותא" זאגט דיא
גמרא (תענית כ"ג) — „ענטוועדער נעזעלשאפט אָדער דער סבר!"

שכנים אין א גרויסע שטאָדט — זיי זינדינען איינער נענען דען אנדערן:
אייער שכן רויבט פון אייך דאס וואס איהר רויבט פון איהם, און איינער מוז
אָפט מאכען קידוש אויף דעם בעכער ניפט וואס ער האָט אָנגעגאָסען פיר
זיין שכן.

# קליינע מיינונגען פון גרויסע לייט.

ידידי חנן י. מיניקעס.

ענטשולדיגט מיר וואס איך וועל אייך בעמערקען אז איהר יאגט אייך צו פיעל נאך גדולים פיר אייערע „יום טוב בלעטער“ איהר דארפט געבען מעהר „טשאנס‟ דיא יונגע שרייבערלאך, דיא נאָוואָבראנצעס. איך גלויב באמונה שלמה אז יעדער מענש אין זיין פאך איז א גדול.

אויב ער איז גרויס אין טאלענט אָדער אין עהרליכקייט, אין ליעבע אָדער אין רחמנות, אין פריינדשאפט אדער אין קוסטינקייט — איז ער א גרויסער מאן! אפילו ווען זיין גרויסקייט בעשטעהט נור דארין וואס ער קען בעוואונדערן א שעהנעס בילד אויפ'ן וואנד, א גוטען ארטיקעל אין בלאט אָדער א זיסע מעלאָדיע אין טהעאטער — איז ער אויך א גרויסער מאן, דיא גרויסארטיגע מעלות וואס מאכען דעם מענשען גרויס קען מען זעהן זעהר זעלטען און דיא ווירקליכע גדלות פון מענשען שטעהט איהם ניעמאלס אָנגעשריעבען אויפ'ן פנים.

זעהט איהר דאָרט ביי א טיש איינינע מענשען זיצען און אונטערהאלטען זיך? פלוצלינג האט זיך איינער פון זיי פערטראכט און שווייגט. עס איז זעהר מעגליך אז דורך זיין שטיל שווייגען פיהרט ער יעצט דורך א גרויסע העלדענטהאט נאכדעם וויא ער האט א לאנגע צייט אזוי ביטער געקעמפפט מיט פערשטאנד געגען ליידענשאפט! עס איז מעגליך אז דורך זיין שטילשווייגען פיהרט ער יעצט דורך א הייליגען פלאן פון וועלכען ער ווייסט אז ער וועט ליידען, אבי דיא מענשהייט זאָל דערפון געניסען. איז עפעס געשטאנען פיעל אָנגעשריעבען דעם גרויסען זאָלא אויפ'ן געזיכט יענע ווייל וואן ער האט זיך בעדאכט צו מאכען א נעוואלד ווענען דרייפוס, ווען עס איז ביי איהם געבליבען מקריב צו זיין אויפ'ן מזבח פון וואהרהייט זיין צוקונפט און אפשר אויך זיין נפש?

דיא וואהרע גרויסקייט פון מענשען ליגט אלזא אין זיין כאראקטער אָדער אין זיין נאטור, און דאס באגעגנט איהר אין פאבריק פונקט וויא אין אוניווערזיטעט.

יא, דער ארבייטער וואס קען קוים דורכלעזען צווייא שורות פון א בוך אין זיין איינענע מוטער־שפראך, איז אָפטמאָל א פיעל גרעסערער מאן פיר דעם פערפאסער וואס האָט אנגעשריבען דאס בוך!

עס איז אלזאָ דער גרעסטער אונזין צו זאָגען אז נור דער גרויסער מאן מעג זאָגען אָדער טהאָן דיעזעס, וויא מען הערט זעהר אָפט. מיר אידען טרייבען לײדער דיעזען פעהלער אזוי ווייט אז אויף יעדען טריט זוכען מיר „אויטאָריטעטען" דאס הייסט: מיר פערגעטערען אלע פערקריפעלטע געדאנקען וויא באלד זיי שטאמען פון א „גרויסען מאן" און מיר ווארפען בלאָטע אויף דיא בעסטע וואהרהייטען וואס זיינען אויסגעשפראָכען פון איין עהרליכען מאן. מיר געפינען אָפט דעם בעס־טען ארגומענט אין בשלומא ער מעג, ווייל ער איז א גרויסער מאן.

יעדער מענש אין זין פאך איז א גרויסער מאן, און דאס נאטירליכע ליכט פון אונזער פערשטאנד דארף אונז אימער פיעל ליעבער זיין פאר דיא געקינצעלטע שטראהלען פון יענעמ'ס גרויסקייט. ווער פון אונז האט שוין ניט בעגעגענט אין זיין לעבען „גרויסע לייט" וועלכע בעזיצען איינינע שפראך, וועלכע זיינען אָנגעשטאָפט מיט וויסענשאפט, און האבען דאך א קרומען שכל? אויך פערקעהרט, וויפיעל לייט זעהען מיר טעגליך וועלכע האבען נאָר קיין בילדונג גענאָסען, וועלכע מאכען המוציא איבער א רעטאך און בורא מיני מזונות איבער א דונער און עס איז דאך א פערגניגען צו הערען וויא שעהן זייא דענקען, וויא ריכטיג זיי רעדען! מיט דעם געבילדעטען „גרויסען מאן" קענט איהר אָפט זיך ניט צוזאמען רעדען, און פון דעם קלוגען עקספערעסמאן קלייבט איהר נחת. איב־ריגענס, וואס איז דער וואונדער? בילדונג קען נור פערשעהנערען דעם מענשען'ס פערשטאנד, אבער ניט פאברצירען א פער־שטאנד ביי דעם יענינגען וואס האט עס ניט!

בשלומא ער מעג — האלט! ווער איז דער ער? כלנו חכמים! יעדער מענש איז א גדול אין זיין פאך, זאָגאר ווען ער האָט ניט שטודירט דיא שווארצע פינ־טעלאך. אזא מאן בעדיענט זיך ניט מיט דיא געקינצעלטע שטראהלען פון וויסענ־שאפט, נור מיט זיין אייגענעם נאטירליכען פערשטאנד, און זיין מיינונג האט דארום אָפט מעהר געוויכט פאר דיא מיינונג פון א פראָפעסאָר וועלכער קנייצט זיין שטערן. דיא נאטירליכע שטראהלען פון דער זון האבען אימער מעהר גלאנץ פאר דיא שעהנע שטראהלען וואס קומען פון דיא עלעקטרישע קראפט.

בשלומא ער — עס איז ניטאָ קיין ע ר, ר׳ קרוב! מיר זיינען אלע „ערס“ יעדער אין זיין פאך, און עס איז דער גרעסטער אונגליק וואס מיר קניען זיך פיר קליינע מיינונגען פון גרויסע לייט!

# ד״א זיסע שפּראך פון יסורים.

הערץ ד. גרינבערג, סינסינאטי.

מיר זיינען אין מאי, דער מאָנאט פון דיא בלומען. לאָמיר רעדען פון פּאָ־עטען, דיא וואס זינגען פאר אונז.

איז עס ניט טרויעריג צו הערען אז זייט דיא וועלט עקסיסטירט, האָט אָרימקייט אויסנעזוכט איהר וואָהנונג אין הויז פון פּאָעט וועלכער בעזינגט מיט זיין פעדער אלעס וואס איז שעהן און בעווינט אלעס וואס איז טרויריג? איז ניט א וואהרער אונגליק צו דענקען אז דער יעניגער וועלכער קען ארייננעבען מיט זיין פעדער פלינלען אין אייער שמערץ, האָפנונג און פרייד — אזא בענאבטער מאן מיט אזא רייכע זעעלע זאָל אימער האבען איין אָרימע טאשע און א מאָגערען פּאקעט־בוך? איז עס ווירקליך נויטווענדיג אז פּאָעזיע און קבצנות זאָלען גערן צו־זאמען? מערקווירדיג! דיא פּאָעטען וועלכע זיינען דיא איינציגע וואס רעדען בלומען־שפּראך, בענענענען אין לעבען לויטער דערנער.

איך מיין יעצט ניט דיא אידישע פּאָעטען אליין, דיא יעניגע וועלכע זינגען אויף אונ־זער אלטע העברעאישע הארפע אָדער אויף דער לירע פון אונזער יעצטיגע מאמע־לשון. איך מיין אלע פּאָעטען אין אלע שפּראכען, דען אויב איהר זוכט היער אָדער אין ענג־לאנד אין פראנקרייך אָדער אין דייטשלאנד — וועט איהר געפינען וואר־ניט־וואו א פּאָעט וועלכער האט זיך ניט בעדארפט אָנשטרענגען מיט זיין קאמפף געגען נויט. וויקטאָר הוגאָ, טעניסאָן, געטהע, קיפּלינג און אונזער אייגענער משורר ר׳ יהודה ליב גאָרדאָן האבען ניט געהאט וואס זיך צו בעקלאָגען אויף זייער פעדער וואס האט זיי געבראכט מעהר וויא כבוד. אבער מיר רעדען יעצט ניט פון זעל־טענע אויסנאהמעס, נור פון פּאָעטען אין אלגעמיין. דער בלינדער גריכישער פּאָעט האָמער האָט, אין דיא צייטען פון יפתח הגלעדי, געמוזט ארומוואנדערן פערוואָגעלט

פון דאָרף צו דאָרף פאָרטראַגען זיינע ליעדער פאַר א מאָהלצייט. דאַנטע, דער אונשטערבליכער איטאַליענישער דיכטער וואס האט אונז געגעבען א פאָלשטענדיגע ביאָגראַפיע פון גן־עדן, האט געמוזט אויסוואַנדערן פון זיין היים זוכען ברויט וואס ער האָט ניט געפונען. דער פראַנצויזישער פּאָעט פּאָל מורזשער איז געשטאָרבען יונג אין א האָספּיטאַל פון מאַנגעל. נאָך א גרויסער פּאַריזער פּאָעט, העזיפּ מאָראָ, האט פערפאַסט זיינע בעסטע ליעדער אונטער איין עקספּרעס וואָגען, ווייל ער האט קיין היים נעהאט. באַירנס, מור, הוד און לאָנגפעללאָ זיינען געוועזען אָרים. היינט ווער קען אויסרעכענען דיא גרויסע אָרמע אידישע פּאָעטען וועלכע האבען געזונגען אין אונזער שפּראַך מיט ליידיגע מאָגענס?

דיא וואָהרהייט איז, עס איז נאָך ניט געקומען דיא געבענטשטע צייט אז פּאָעזיע זאָל זיך בעצאָהלען, און פּאָעטען זאָלען האבען באַנק־ביכעלאך. „גאָלדענע צייט" איז נאָך פון דיכטער וויט, און דאס איז גראַדע א מעלה פיר דער וועלט, אויב ניט פיר דיא פּאָעטען: דער פּאָעט קען אויסגיסען זיין ע רייכע געפיהלען אין געפליגעלטע געדאַנקען נור דאַן ווען ער ליידעט, ווען עס פעהלט איהם עפּעס. ווען דער דיכטער ליידעט א סך, קען ער אונז איבערגעבען איין עפּעס פון זיינע ליידען שוואַרץ אויף ווייס. אָבער דער דיכטער וואס האט קיין מאָל ניט געליטען, דער קען קיין קריטץ מאַכען אין אונזער זעעלע עס פעהלט איהם דיא שפּראַך פון יסורים! לאָרד באַיראָן האט דיעזען געדאַנק אויסגעדריקט אין דיא פאָלגענדע פּרעכטיגע צוויי שורות:

Great bards are cradled into poetry by wrong,
They learn in suffering what they teach in song,

„ווען פּאָעטען שלאָפען איין פערשמאַכט
אין ווינעלע פון פּאָעזיע גאַנץ מיד,
לערנען זיי פון דיעזע שוואַרצע נאַכט,
וויא מיר זאָלען פערשטעהן זייער ליעד".

פונקט וויא א בלום וואס גיבט ארוים איהר גאַנצע זיסקייט נור דאַן ווען מען צודריקט איהר, דאס זעלבע איז מיט'ן דיכטערס הערץ. ווען לאָרד באַיראָן, פּערסי, שעללי, אונזער מאַנע הצעיר, ר' יצחק ראַבינאָוויץ און אנדערע וואָלטען געלעבט גליקליך, וואָלטען זיי אונז ניט איבערגעלאָזען אזא זיסע ירושה.

עס איז גענוג טרויריג אז דיא מענשהייט קען פערשטעהן אויף א גוטען ליעד נור דאַן ווען דעם זינגער'ס הערץ טריפט מיט בלוט.

# ווער לאַכט צום לעצטען.

פריינד מ. מ. איהר זאָגט איהר האט מורא צו דרוקען אייער ווערק מען זאָלל אייך ניט קריטיזירען און אויסלאכען. איהר זיינט ניט דער ערשטער.

וועלכער גרויסער מאַן האט קיין מורא ניט פיר דיא קוילען פון געלעכטער? זייט אונזער מוטער שרה האָט אויסגעלאכט דעם נאַסט וואס האָט איהר צוגעוואונשען אז זיא זאָל האָבען א זוהן אויף דער עלטער—זייט אוראלטע צייטען האָט יעדער פילאָזאָף, יעדער ערפינדער יעדער פערפאסער פון א נייע סיסטעמע מורא געהאט פיר דיא קוילען פון געלעכטער פיעל מעהר וויא פיר דיא פיילען פון בויגען און קוילען פון ביקס. יעדער מענש וואס וויל היינט ארויפקלעטערן אויפ׳ן לייטער פון וויסענשאפט, יעדער צוקינפטינער גרויסער מאַן וואס וויל זיך דורכשלאָגען א וועג אין פּאָליטיק, ליטעראַטור אָדער קונסט, האט מורא מעהר וויא פיר אלעס טאָמער וועט מען איהם חלילה אויסלאַכען, טאָמער וועט איהם דיא וועלט ניט פערשטעהן, טאָמער וועט מען אננעהמען זיינע פּראָיעקטען אלס לעכערליך!

עס איז ניט אננענעהם צו שטעהן אויפ׳ן שלאַכט־פעלד נעגען א מבול פייער פון קאַנאָן. עס איז אבער נאך וויינינער אננענעהם פאר׳ן גרויסטען מאַן צו שטעהן אויפ׳ן לאַך־פעלד נעגען דעם שטראַם „חאַ־חאַ־חאַ“ פון לץ און אויסהערען וויא מען יעקט פון איהם! זעהען מיר דען ניט אין לעבען וויא מענשען מיט פערשטאנד בענעהן זעלבסטמאָרד נור פון ערגערנים. ווייל מען האט זייא אויסגעלאכט אָדער פון מורא מען זאָל זיי ניט אויסלאַכען?

דיא וואהרהייט איז אז אָבלאַכען פון א זאַך אָדער פון א פּערזאָן איז ווירקליך דיא מעכטינסטע נעוועהר, ווייל דארט וואו דער ערנסט קען ניט שאדען, קען עס דיא לעכערליכקייט טהאָן זעהר שנעל. לאכען איז אויך פיר יעדען דער כעצטער ארגומענט, ווייל עס איז שווער צו דענקען, אבער לייכט ארייגצולאכען א נעגנער אין פּנים מיט א מינע וואס מיינט „עס איז ניטאָ מיט וועמען צו רעדען“. וואָס דארפט איהר מעהר? איהר אליין נעפינט אייך אָפט נעצוואונגען מיט צו לאַכען מיט׳ן המן פון מורא וועגען מען זאָל ניט לאַכען פון אייך פאר־וואָס איהר לאַכט ניט!

אין רעליניאָן, ליטעראַטור, פּאָליטיק, וויסענשאפט זשורנאַליזם און קונסט האָט דער לאַך א גרויסע גבורה. קאָלאָנעל איננערסאל האָט אָנגעפאקט פּוכע

האָלס מיט געגענשען וואס זיינען געקומען איהם הערען פאר געלד וויא ער לאכט
אָב פון קריסטיענטהום. ווען איננערסאָל וואָלט אבער געברויכט ערנסטע ארגומענ־
טען און פילאָזאָפישע בעווייזע, דאן וואָלט ער גערעדט צו קיידינע ביינק. אזוי איז
אין אלעס. דיא קאָמישע בלעטער לאכען ניט אָב פון מארק האננא'ס פעהינקייט
אָדער פון קליוולאנד'ס טאלענט, נור פון זייערע ברייטע מאָרדעס. דיא דעמאָק־
ראטישע בילדער גרייפען ניט אָן רוזוועלט'ס עהרליכקייט, נור זיי קריטיזירען זיינע
צייהנער און זיינע ברילען!

איז דען דאָ אויף דער וועלט גרעסערע שמערצען וויא דיא וואס איוב האָט
געליטען? דאָך זיין גרעסטען זיפץ האט ער געגעבען אין קאפיטעל 30 פאר וואס
מען לאכט פון איהם — ועתה שחקו עלי צעירים ממני לימים!
(צו אלע מיינע צרות לאכען נאך דיא יונגע לייט פון מיר!).

עס איז נאך א שטיקעל גליק וואס דער המון וואס לאכט מיט, האט ניט קיין
צוטרויען אין דעם וואס רופט ארויס דעם געלעכטער. דאס פאָלק וואס ישעצט
דעם טאלענט פון א ברחן, האט קיין אמונה אין איהם, און סימפאטהיזירט דאָך
ענדליך מיט דעם אויסגעלאכטען, ווען דער אונגליקליכער איז נור גענוג שטארק
אויסצוהאלטען דיא קוילען פון געלעכטער, און ווען ער האָט דיא גערעכטיגקייט
בייא זיין זייט. מען דארף ניט פערגעסען אז דער געלעכטער טערטעט נור סוף־
כל־סוף דאס וואס איז לעכערליך.

ווער סען דא אויסרעכענען דיא גרויסארטיגע ערפינדונגען פון וועלכע דיא
וועלט האט געלאכט און וואס לאכען ענדליך פון דיא וואס האבען געלאכט?
האָט מען וויינינ געלאכט ווען מאָרס האָט געהייסען ציהען אלס פּראָבע דעם
ערשטען טעלעגראפישען דראָט צווישען באלטימאָרע און וואשינגטאָן? מאָרס האָט
דאָך אפילו מורא געהאט צו זיין ביי דער צערעמאָניע מען זאָל איהם ניט אויס־
לאכען! האט מען וועניג געלאכט אין פראנצויזישען סענאט ווען מען האט גע־
הייסען בויען דיא ערשטע אייזען באהן? האט דיא פּאריזער אסאדעמיע וויינינ
חוזק געמאכט פון היפּנאָטיזם וואס זיא אליין ערקלעהרט יעצט? האבען אונזערע
דייטשע ברידער אין אמעריקא וויינינ געלאכט פון דיא זשארגאָנישע ציימונגען
וועלכע איבערשטייגען יעצט מיט אזא גלאנץ דיא אידיש־ענגלישע און דייטש־
אידישע בלעטער?

עס זיעגט נור דער וואס לאכט דער לעצטער.

# אלענדארפ'ס מעטהאדע,

## פון אלכסנדר הארקאווי,

### איז א ניצליכער בוך גרינדליך אויסצולערנען דיא ענגלישע שפּראַכע

### א בוך פון 600 זייטען.

זיין ריכטיגער פּרייז אין אַללע שפּראַכען איז 3 דאָלאַר.

אין אידיש נור 1 דאָלאַר.

אָלענדאָרפ'ס מעטהאָדע איז אנערקענט אין דער גאנצער וועלט פיר דיא בעסטע, ווייל דיא פּראַקטיק האט בעוויזען, דאס זיא איז זעהר לייכט און גוט פיר יעדען וואס וויל זיך אויסלערנען דיא ענגלישע שפּראַך אָהן א לעהרער.

## אלענדארפ'ס מעטהאדע

איז אויף אזא אַרט, דאס דיא שפּראַך איז איינגעטהיילט אין לעקציאָנען, אין יעדער לעקציאָן קומען פאָר ווערטער, געשפּרעך און גראַמאַטישע רעגעלן.

פאר דיא לעקציאָנען קומט א בעזונדערע אבטהיילונג צו לערנען זיך לעזען און ספּעלען, אום דא א ווערטער און גראמאטישע רעגעלן זאָגען מעהר פעסטשטארקט ווערען אין דיא געדאנקען, ווערען אם ענדע פון יעדער לעקציאָן געגעבען שטיקער לעזע־שטאָף צום איבערזעטצען. דיא זעטצע פון דיא שטיקער לעזע־שטאָף, זיינען צוזאמענגעשטעלט פון דיא ווערטער, וואס זיינען פריהער פאָרגעקומען. דער לערלינג וועט זייא קענען איבערזעצען. יעדע שטיק לעזע־שטאָף טראָגט א נומער.

צום לעהר־בוך קומט א בעזונדער בוך, א שליסעל, וואס ענטהאלט דיא ריכטיגע איבערזעצונג פון יעדען זאץ. דיא איבערזעצונגען זיינען בעצייכענט מיט דיא זעלבע נומער, וויא דיא שטיקער לעזע־שטאָף בייא דיא לעקציאָנען. דער שילער קען אלזאָ מיט'ן שליסעל אָבשטימען אויב זיין איבערזעצונג איז ריכטיג אָדער ניט.

## אלענדארפ'ס מעטהאדע איז איינגעטהיילט אין

# 78 לעקציאנען.

דיא אבטהיילונג צו לערנען זיך לעזען, איז זעהר פראַקטיש. דיא רעגעלן ווערען ערקלערט אײנפאך און דייטליך. אין דיא לעקציאָנען ווערען געגעבען דיא אויסשפּראכע פון יעדען ענגליש וואָרט מיט אידישע בוכשטאבען.

דאס בוך ענטהאלט איבער 600 זייטען, אין גרויסען פאָרמאט און עלעגאנט געבונדען.

## פרייז 1 דאלאר.

צו בעקומען בייא אלע בוכהענדלער, וויא אויך בייא

THE HEBREW PUBLISHING COMPANY,

# דער ליטווישער קעניג פון דיא שנאָרערס.

## פון מ. זייפערט.

„דער ליטווישער קעניג פון דיא שנאָרערס“ איז איינער פון דיא געלונגענסטע ווערקע וועלכע מ. זייפערט האָט געשריעבען. דאָס איז דאס ערשטע ווערק אין אידיש וואָס ענטהאַלט איז זיך א מאסע הומאָר, א וועלט מיט־סאטירע, ווימץ און שארפזין.
„שבתי טרייטעל“ דער העלד פון דיעזען ראָמאן, וועלכען דער פערפאסער האָט געקרוינט מיט דעם נאָמען דער קעניג פון דיא שנאָרערס, איז אזוי ריכטיג געשילדערט אזוי טייסטערהאפט בעשריבען און אזוי הומאריסטיש, אז איהר מוזט לאכען אָהן אן אויפהער. יעדע סצענע יעדעס בילד וואָס קומט פאר אין דיעזען ראָמאן מאכט אייך לאכען ביז טרערען.

דאס גאנצע ווערק קאסט בלויז 25 סענט, מיט פּארטא 30 סענט.

---

# דיא פרוכט פון זינד.

## אַ רעאַליסטישע שילדערונג פון ני־דע מאפּאכאן.

דיעזער בוך איז איינער פון דיא מערקווירדינסטע ווערקע וואָס דער גרויסער שריפטשטעלער ני־דע מאפאפאן האָט אויפגעשריעבען. „דיא פרוכט פון זינד“, איז א ליטעראַרישע שילדערונג וואָס מאַהלט אונז אזעלכע בילדער וועלכע ערשטוינען איבערראשען און בעלעהרען אונז.

פרייז, 10 סענט.

---

# פּרינצעסין צולייקא.

א ראָמאנטישע ערצעהלונג וואָס האָט פּאסירט אין אָריענט אין דיא גאַנץ אלטע צייטען.

פרייז, 10 סענט.

---

# דיא זילבּערנע האָבצייט.

א ראָמאנטישע שילדערונג וואָס איז פול מיט דיא מערקווירדינסטע און איבערראשענדע פּאסירונגען און איז זעהר אינטערעסאנט און שפּאנענד.

פרייז, 10 סענט.

צו בעקומען ביי אללע בוכהענדלער, וויא אויך ביי דיא הערויסגעבער